נחמן מייזיל

# אברהם גאָלדפאַדען

(1840 — 1908)



קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
ניו יאָרק, 1938

# אברהם גאָלדפאַדען

אין יאָר 1940 ווערט הונדערט יאָר זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער גרינדער פון דעם אידישן טעאַטער א ב ר ה ם ג אָ ל ד־ פ אַ ד ע ן. אָבער גאָלדפאַדען איז נאָך ווייט נישט בלויז ג ע ש י כ־ ט ע פון דעם אידישן טעאַטער, — ער איז אין פיל הינזיכטן דער ה י י נ ט און אפשר אויך דער מ אָ ר ג ן פון דעם אידישן טעאַטער.

אברהם גאָלדפאַדען איז נאָך אַלץ לעבעדיק און צאַפּלדיק, הגם זינט זיין ערשטער טעאַטראַלער אויפפירונג איז שוין אַריבער מער ווי זעכציק יאָר. אין פאַרשיידענע לענדער, אין פאַרשיידענע טעאַטערן קערט מען זיך אום ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל צו אים, צו דעם פאַ־ טער פון דעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער, און צו זיינע פּיעסעס. גאָלדפאַדען איז נאָך אַלץ דער קוואַל, פון וועלכן מען הערט נישט אויף צו שעפּן — אַזוי אין ניו־יאָרק, אַזוי אין מאָסקווע און אַזוי אין וואַרשע.

ערשט דעם לעצטן יאָר האָט מען אין מאָסקוער אידישן מלוכה־ טעאַטער פונסניי אויפגעפירט צוויי גאָלדפאַדענישע פּיעסעס — „שולמית" און „בר־כוכבא". אין וואַרשע האָט מען אַף אַ נייעם אופן רעסטאַווירט גאָלדפאַדענס „כישופמאַכערין" און אין ניו־יאָרקער „אַר־ טעף" האָט מען צו דעם צענטן יאָרטאָג פון דעם טעאַטער געגעבן אַ גאָלדפאַדענישע פאַרשטעלונג.

יעדעס מאָל געפינט מען אַרויס באַ גאָלדפאַדענען נייע אוצרות, וואָס באַרייכערן דעם אידישן מאַסן־טעאַטער.

איינער אַ באַוואוסטער טעאַטער־פאָרשער האָט באַצייכנט גאָלדפאַ־ דענען ווי אַ רעטעניש. „אין אידישן לעבן און אפילו אין דער נאָענט־ סטער סביבה, אין וועלכער ער (גאָלדפאַדען) איז אויסגעוואַקסן, איז נישטאָ קיין זכר פון וואָסער ס'איז אַטמאָספער, אין וועלכער עס קאָן אויסוואַקסן אַ טעאַטער־מענטש... ממש אין אַ טעאַטראַלן מדבר האָט זיך צעבליט על פי נס אַ קערנדיקער און פילזייטיקער טעאַטראַל."

דאָס אָבער איז נישט ריכטיק. אין אידישן לעבן, צו דער צייט פון גאָלדפאַדענס קומען צום אידישן טעאַטער, האָט זיך שוין אויפגעזאַמלט אַ סך שאַפונגס־ענערגיע, רייכער טעאַטראַלער שטאָף; באַ די אידישע מאַסן איז שוין רייף געוואָרן דאָס באַדערפעניש אין אַ אידישן טעאַ־ טער, און עס איז געווען געגוג גענוג, אַז עס זאָל קומען אַזאַ מענטש, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט אַלע די נויטיקע עלעמענטן פאַר אַ שאַפער

און גרינדער פון דעם אידישן מאַסן־טעאַטער, — און עס זאָל גלייך, באַ די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען און אַלערליי אינעווייניקסטע און אויסנווייניקסטע שטערונגען, געלייגט ווערן דער פונדאַמענט און עס זאָל גיך אויפגעשטעלט ווערן דער בנין פון דעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער.

*
**

היינט צו טאָג לעבט און עקזיסטירט דאָס אידישע טעאַטער אין אַלע טיילן פון דער וועלט. איבער הונדערט אַנסאַמבלען שפּילן איצט אידיש טעאַטער אין אַ דרייסיק מדינות פון גאָר דער וועלט. די אידישע שוישפּילער־משפּחה באַשטייט שוין איצט פון אַ טויזנט מיטגלידער, — פּראָפעסיאָנעל באַשעפטיקט אַף דער אידישער בינע. שנעל און האַס־טיק האָט זיך צעוואַקסן דאָס אידישע טעאַטער, הגם עס האָט געהאַט אויסצושטיין אָן אַ שיר פאַרפאָלגונגען. אויך אין דער איצטיקער צייט האָט דאָס אידישע טעאַטער אין פאַרשיידענע לענדער אויסצושטיין פיל פּלאָגן. אָבער דער כוח פון דעם אידישן וואָרט איז זייער שטאַרק, דער דראַנג פון דער אידישער מאַסע צום אידישן טעאַטער איז זייער גרויס. אמת, מיר זיינען מיט פיל פון דעם, וואָס עס טוט זיך אין דעם אידישן טעאַטער נישט צופרידן, אָבער דאָס אידישע טעאַטער האָט געשפּילט און עס איז אים באַשערט נאָך צו שפּילן אַ גרויסע און וויכטיקע ראָלע אין דעם אידישן קולטור־לעבן אַלס באַדייטנדיקער פאַקטאָר. אין ראַטנ־פאַרבאַנד איז דאָס אידישע טעאַטער פאַרמלוכהשט, עס האָט די מעג־לעכקייטן נאָרמאַל און מיט אַן אויסגערעכנטן פּלאַן צו אַרבעטן באַ פאַרזיכערטע ביודזשעטן.

אַזוי איז עס איצט. אָבער מיט אַ זעכציק יאָר צוריק איז נאָך פון דעם אַלעמען קיין זכר נישט געווען. בלויז דאָ און דאָרטן האָבן זיך אַרומגעדרייט איינצלנע בראָדער־זינגער, און עס האָבן געמאַכט פאַר־שיידענע פּרוּוון די שפּעטערדיקע קאַנדידאַטן פאַר אידישע אַקטיאָרן. גאָלדפאַדען האָט געטראָפן פאַר זיין אַרבעט אַ ברייט, אָבער לחלוטין נישט צעאַקערט פעלד. ער האָט נישט געפונען קיין מעצענאַטן, קיין געזעלשאַפטן, וואָס זאָלן אים העלפן אין זיין וויכטיקער אַרבעט. אדרבא, די אידישע אַסימילירטע און האַלב־אַסימילירטע משכילישע אינטעליגענץ האָט נישט געקאָנט סובל זיין וואָס עס וואַקסט אויס אין דער פאַרהאַסטער דורך איר אידישער שפּראַך („זשאַרגאָן”, ווי מ׳האָט דאַן גערופן אידיש) אַ אידיש מאַסן־טעאַטער. עס איז נאָך דאַן נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע אידישע פאָלקס־און אַרבעטער־מאַסע, וואָס זאָל פירן דעם קאַמף פאַר אַ אידישער מאָדערנער פאָלקס־אינסטיטוציע. עס האָט נאָך דאַן נישט עקזיסטירט קיין אידישע פּרעסע, וועלכע זאָל

פראָפּאַגאַנדירן דאָס אידישע טעאַטער. איז דעריבער די ראָלע און די טעטיקייט פון אברהם גאָלדפאַדען באַזונדערס געווען שווער און פאַר־אַנטוואָרטלעך.

אין גאָלדפאַדען האָט דאָס אידישע טעאַטער געפונען דעם גרויסן שאַפער, — ער האָט פאַראייניקט אין זיך דעם פּאַרפאַסער, מוזיקער, אָרגאַניזאַטאָר, רעזשיסאָר און דירעקטאָר. אָבער נישט געקוקט אַף זיינע אַלע פיייקייטן, האָט ער געהאַט אויסצושטיין אַף זיין וועג פיל מניעות. דאָ האָט ער געפונען ווירדיקע מיטהעלפער, און אין אַ צווייטן אָרט — שטערער און שעדיקער. שנעל איז געווען דער אויפגאַנג פון אברהם גאָלדפאַדען, און אומגעריכט — דער אונטערגאַנג.

אויב גאָלדפאַדען אַליין איז נאָך באַ זיין לעבן געווען באַזייטיקט פון דעם אידישן טעאַטער, האָט אָבער דאָס גאָלדפאַדענישע געלעבט און פאָרגעזעצט צו לעבן אויך יאָרן און יאָרצענדליקער נאָך גאָלדפאַ־דענס טויט. גאָלדפאַדען האָט געהאַט אַ וואונדערלעכן חוש פאַר טעאַט־ראַלישקייט, פאַר סצענע, פאַר שוישפּיל, פאַר סצענישער אַקציע. ער איז אָפט נאַאיוו און פרימיטיוו, אָבער אָט די נאַאיווקייט און פרימי־טיווקייט האָט אַלע זיבן חנען און טויזנט טעמים. ער איז געווען אַ קינד פון זיין צייט, ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט די השכלה־טענדענצן פון די סאַמע יונגע יאָרן, גלייכצייטיק אָבער האָט ער באַוויזן אַרויס־צורייסן זיך פון די משכילישע גרענעצן און אויפנעמען אפשר נישט גאָר באַוואוסטזיניק, דעם מאַסן־דראַנג צו לעבן און אויסצולעבן זיך פרייער, אָפענער אין דעם געשפּיל פון אייגענע טעאַטראַלע, טעאַטראַל־באַפרייטע כוחות און פאָרמען. ער האָט אויך פאַרשטאַנען אויפצונעמען השפּעות פון אַרום. דר. יעקב שאַצקי שרייבט: „גאָלדפאַדען האָט אין זיך איינגעזאַפּט דעם גאַנצן אייראָפּייאישן טעאַטער פון זיין צייט: די בערלינער לוסט־שפּיל, די ווינער פאָלקס־דראַמע מיט די רייצנדיקע מוסר־השכלס, די אוקראַינער ראָמאַנטישע און מוזיקאַלישע מעלאָ־דראַמע, דער אונגאַרישער וואולגאַרער פאָלקס־וואָדעוויל — דאָס זיינען וועלטן, וואָס האָבן שטאַרק באַאיינפלוסט גאָלדפאַדענס טעאַטער־שאַ־פונג"... און אויסער איינפלוסן פון דער זייט, האָט ער געשעפּט פולע הויפנס פון די עכט־אידישע, פאָלקסטימלעכע קוועלן. און ווי די טעקסטן — אַזוי אויך די מוזיק, מיט וועלכער עס איז דורכגעפלאָכטן גאָלדפאַ־דענס טעאַטראַל שאַפן. שרייבט טאַקע גאָלפאַדען אַליין וועגן זיך: „דער שרייבער פון דער מוזיק פון „שולמית" און אַ סך אַנדערע אידישע זינג־שפּילן האָט נישט קיין שום טעאָרעטישע ידיעות אין מוזיק, און קען אפילו נישט לייענען קיין נאָטן. כאָטש איך האָב באַ די קאָמפּאָ־זיציעס פון מיינע שטיק שטענדיק אַכטונג געגעבן דערויף, אַז די מוזיק זאָל זיך צוזאַמענשטעלן פון פאָלגנדיקע עלעמענטן: 1) אַנהויב און

שלוס־כאָרן, 2) מאַרשן, 3) טענץ, 4) אַריעס, 5) דועטן, 6) טערצעטן, 7) באַלאַדעס, 8) לידער, 9) שאַנסאָנעטעס, — פונדעסטוועגן האָלט איך, אַז ס׳איז ניט ריכטיק וואָס מ׳האָט מיינע געזאַנג־שפּילן אָנגערופן „אָפּערע״. ווארים כדי צו פאַרדינען דעם נאָמען „אָפּערע״, וואָלטן זיי געדאַרפט זיין אַ מוזיקאַלישע איינהייט, אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט, און דאָס איז אָבער ניט אַזוי, ווייל איך האָב אַ טייל נומערן אַליין געשאַפן און טייל געבאָרגט באַ אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן... מ׳מעג טאַקע זאָגן, אַז איך בין מער קאָמפּילאַטאָר ווי קאָמפּאָזיטאָר. איך מיין אָבער, אַז אויך קאָמפּילאַציע איז אַ קונסט״...

אַ רייך, אינטערעסאַנט, אָבער זייער טראַגיש לעבן האָט אברהם גאָלדפאַדען דורכגעמאַכט מיט זיין טעאַטער, וואָס איז אַזוי ענג פאַר־בונדן מיט זיין אייגענעם לעבן, מיט זיינע אייגענע כאַראַקטער־שטריכן, מיט זיינע אייגענע מעלות און חסרונות.

.1

אברהם גאָלדפאַדען (זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז געווען גאָלדענפאָדים) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1840 אין דעם שטעטל אַלט־קאָנסטאַנטין, וואָלינער גובערניע. זיין פאָטער, ר׳ חיים ליפּע גאָלדענפאָדים, איז געווען, ווי גאָלדפאַדען אַליין דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אַ בכבודיקער איד, אַ זייגערמאַכער, אַ קינסטלער אין זיין פאַך. ביזן טיפן עלטער איז ער פאַרבליבן באַ זיין זייגערמאַכעריי און „פאַרדינט זיין שטיקל ברויט ביושר״. ער איז געווען דער איינ־ציקער בעל־מלאכה אין שטעטל, וואָס האָט הנאה געהאַט אַריינצוקוקן אין אַ אידיש ספר, און ער „האָט נישט געשפּאָרט זיין לעצטן, מיט שווייס־פאַרהאָרעוועטן גראָשן צו לערנען זיין עלטערן זון, אברהם, לשון־קודש״. אַז דער יונגער אברהם איז אַהיימגעקומען פון דעם גמרא־מלמד, האָט ער שוין געטראָפן אין דער היים אַ לערער, וואָס האָט מיט אים געלערנט דייטש, רוסיש און תנ״ך מיט דער דייטשער איבערזע־צונג. אברהם גאָלדפאַדען דערציילט, אַז זיין פאָטערס וואונטש איז דערפילט געוואָרן: די זוימען, וואָס ער האָט געזייט אַף דעם יונגן קינדערשן האַרץ, האָבן שנעל געגעבן פרוכט; נאָך אַלס קינד פון אַ 11־10 יאָר האָט אברהם, אויסער דעם, וואָס ער האָט אַף אויסנווייניק דעקלאַמירט פיל קאַפּיטלען פון תנ״ך, — שוין אָנגעשריבן דעם ערשטן שיר אין העברייאיש מיטן נאָמען „פדיון הבן״.

„איך געדענק נאָך ווי איצט, — דערציילט א. גאָלדפאַדען, — מיט וועלכער פרייד מיין פאָטער פלעגט פאָרלייענען דאָס געדיכט פאַר יעדן ווער ס׳איז נאָר צו אונדז אין הויז געקומען.״

די נייגונג צו שרייבן לידער האָט זיך באַוויזן בײַ אברהם גאָלדפאַדען גאָר יונג.

אין אַ שמועס מיט איינעם אַ שרייבער האָט אַמאָל א. גאָלדפאַדען דערציילט:

„אין וועלכער צייט ס'האָט זיך בײַ מיר באַוויזן דער חשק צו גראַמען־מאַכערײַ, איז מיר שווער זיך צו דערמאָנען. איך געדענק בלויז, אַז ווען איך בין אַלט געווען זעקס אָדער זיבן יאָר — איך האָב שוין דעמאָלט געלערנט בײַ אַ גמרא־מלמד און שוין געקענט די ערשטע צוויי ספרים פון תורה כמעט אויסנווייניק — האָט מיך די מאַמע מיטגענומען צו אַ חתונה בײַ אונדזערער אַ שכנטע. געפינט זיך דאָרט אַ בייכיק אידל מיט אַן אונטערגעשוירן בערדל, פאַררוקט דאָס אידל דעם דאַשעק פון זיין קאַשקעט אַן אַ זייט. רוקט ער אַרויס וואוילן־געריש זיין רעכטן פוס פון פאַרנט. שטעקט ער אַריין זיין גראָבן פינגער אין זיין גאָרגל אַף צו „באַזינגען די כלה" פאַר דער חופה". מאַכט ער דאָס זעלביקע „געשטעלעכל" נאָך דער סעודה, באַם אויפרופן פון יעדן מחותן מיט זיין נאָמען צום „מצווה־טענצל", און אַלצדינג, וואָס ער זינגט און וואָס ער זאָגט, גראַמט זיך בײַ אים קונציק. הער איך מיך צו צו זיין זינגען און צו זיין זאָגן מיט גרויס כוונה. גיי איך דערנאָך מיט דער מאַמען אַהיים. פאַררוק איך מיר דאָס דאַשעקל, שטעל איך אַרויס מיין רעכט פיסל פון פאָרנט און — וואָס איך דאַרף דער מאַמען זאָגן, זאָג איך אין גראַמען. קאַטשעט זיך די מאַמע פאַר געלעכטער. דערהערט דאָס דער טאַטע, שמייכלט ער אונטער די וואָנסעס. ער רופט מיך „אברהמעלע בדחן". באַלד אָבער מאַכט ער אַן ערנסט פּנים און מוסרט מיך:

— ס'איז נישט שיין פאַר אַ גמרא־אינגל זיך נאַריש צו מאַכן!

„פּלאָנטערן זיך — דערציילט ווייטער א. גאָלדפאַדען — כסדר בײַ מיר גראַמען אין קאָפּ. זיינען זיי זיך אָפּטמאָל שוין אַליין מצרף צו אַ ליב לידל. פּאַס איך שוין צו פונעם חזן־געהערטן ניגון צו מיין לידל. זינג איך עס פאַר מיר שטילערהייט, האָב איך דערפון גרויס הנאה"...

די זאָרגלאָזע פריילעכע קינדהייט ציט זיך בײַ אַברהמען נישט לאַנג. שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך דאַן אַראָפּגעלאָזט איבער דעם לעבן פון די אידן אין רוסלאַנד.

„עס איז געווען — דערציילט א. גאָלדפאַדען — גראָדע די זאָגענאַנטע „ניקאָלאַיס צייטן" — אַלע אידן האָבן דערוואַרט די „ביטערע גזירה", וואָס אַלע קליינע קינדער (אָנגעפאַנגען פון אַכט יאָר) וועט מען „נעמען פאַר סאָלדאַטן". די פאַרצווייפלונג פון די עלטערן, וואָס האָבן געהאַט קליינע קינדער, איז געווען אומבאַשרייבלעך. איין רעטונגס־וועג איז דאַן געווען: דאָס קינד לערנען אַ מלאכה און עס אַריבערשטעלן

די גרענעץ נאָך רומעניע, עס זאָל דאָרטן וויניקסטנס, נישט אויסגיין פון הונגער.

„צו דעם צוועק האָט מיך דער פאָטער געלערנט די מלאכה, און אין אַ קורצער צייט האָב איך באַוויזן גוטע פּיאיקייטן. מיר זיינען געווען זייער צופרידן, אויסער איינע, וואָס איז געבליבן טרייסטלאָז: טאָג און נאַכט פלעגט מיין מוטער וויינען אויף מיר קוקנדיק, ווי אָט באַלד וועט איר עלטערער געליבטער זון מוזן אַוועק אין דער פרעמד און פילייכט אַף אימער...

„נאָך דער הימל האָט זיך באַלד אויסגעלייטערט, און ווי די ליכטיקע זון נאָך אומגעוויטער, איז דערשינען דער „אוקאַז" (באַפעל): צו גרינדן אין יעדער אידן־באַפעלקערטער שטאָט „אידישע קראָנס־שולן", און יעדעס קינד, וואָס וועט באַזוכן די שולע, וועט באַפרייט ווערן פון רעקרוטירונג. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַלד צווישן די פאַנאַטיקער: „מען וויל זייערע קינדער אין די שולעס אויסשמדן". יעדער קלאַס האָט זיך צוריקגעצויגן: די גבירימס קינדער זיינען געווען באַוואָרנט מיט געלט, מיוחסים האָבן געפונען זייער שוץ בּאַ „גוטע אידן", דער איינציקער איז געפאַלן, נעבעך, דעם אָרעמען באַלמעלאָכעס קינד. פאַר אים זיינען געבליבן צוויי וועגן: אָדער „סאָלדאַט" אָדער „אין דער שולע". מיין פאָטער אָבער האָט זיך מיט פרייד געוויילט דעם צווייטן וועג... און אַזוי בין איך געווען פון די ערשטע קינדער, וואָס האָבן באַזוכט די שולע."

דער באַוואוסטער העברייאיש־אידישער השכלה־שריפטשטעלער אברהם בער גאָטלאָבער, דעם אַלט־קאָנסטאַנטינער חזנס זון, דערציילט שפּעטער, אין 1888, אין זיינע מעמואַרן: „צווישן אַלע תלמידים איז געווען אַ אינגעלע גאָר אַ יונגס: אברהמלע גאָלדפאַדען. דאָס אינגעלע האָט אַ חוץ דער שולע בּאַ מיר צו הויז פריוואַט געלערנט, איבער־הויפּט פלעגט ער זיך זייער צוקוקן, ווען איך האָב געשריבן „זשאַרגאָן". דאָס איז געווען זיין לידנשאַפט."

דער באַקאַנטער שרייבער ד. י. זילבערבוש דערציילט וועגן אברהם גאָלדפאַדען אַזאַ פאַל:

ווען אברהמלע איז אַלט געווען פערצן יאָר, קומט אָן אין זיין טאַטנס זייגערמאַכעריי אַ נייער טשעלאַדניק, אַ אידיש בחורל פון בראָד, מיטן נאָמען נחמן, אַ 17 יאָר אַלט. ער קאָן זייער וואויל די מלאכה, אָבער נאָך בעסער פון דער מלאכה קאָן ער זינגען. נאָך אין דער היים, אין גאַליציע, איז ער געווען אַ משורר בּאַ פאַרשיידענע חזנים, און אויך דאָ, אין אַלט־קאָנסטאַנטין, אַרבעט ער די גאַנצע וואָך אין דער זייגער־מאַכעריי, און שבת איז ער אָן אונטערהעלפער באַם חזן. — „זינגט זיך עס כסדר בּאַ אים אַזוי ווי פון זיך אַליין אַרויס. ציט ער אַרויס די

שרייפלעך, נעמט ער די רעדלעך פאַנאַנדער מיט אַ „כבקרת רועה עדרו״־ניגון, און זעצט זיי צוריק אַריין מיט אַ „היום תאמצנו״־ניגון. זינגט ער באַ דער אַרבעט כלערליי חזנישע שטיקלעך און אויך בערל בראָדערס און וועלוול זבאַרזשעס אידישע לידער.

דערציילט ער אין נאָמען פון אברהם גאָלדפאַדען: „חבר איך מיך מיט אים. איז דאָס מיין טאַטן גאָר נישט ניחא. זאָגן זאָגט דער טאַטע: מיינען מיינט ער נאָך עפּעס אַנדערש: איך מיט מיינע פערצן יאָר בין העכער און ברייטער פון נחמנען מיט זיינע זיבעצן יאָר. נחמן, דאָס געפּוצטע בחורל מיט דער שוואַרצער טשופּרינע אָפן קאָפּ, מיט דעם אויסגעבלייכטן פּנים, מיט די שוואַרצע הערלעך, וואָס באַוויזן זיך שוין אַף זיין אויבערשטער ליפּ, ועל כולם — מיט זיין שיינעם זינגען אידישע לידער און לידלעך, איז שטאַרק נושא־חן באַ די אַלט־קאָנ־סטאַנטינער מיידלעך און ווייבלעך. און — מיין טאַטע האָט פּשוט מורא, טאָמער וועל איך דורך אים קאַליע ווערן.

„ציט עס אָבער מיך צו נחמנען ווי מיט אַ מאַגנעט. ווייסט ער אַלע מיינע סודות. זינג איך פאַר אים אַלע מיינע לידלעך. און — ער זינגט זיי מיר נאָך מיט אַ באַזונדערער מתיקות.

„הער איך שוין איינמאָל זינגען מיינע לידער און לידלעך אויך פון נחמנס חבר, אויך אַ משורר באַם חזן. זינגען שוין מיינע לידלעך מיידלעך און ווייבלעך, זיצנדיק אין אַ זומערדיקן שבת־נאָכמיטאָג פאַר זייערע הייזלעך אַף דער פּריזבע. האָב איך דערפון גאָר אַ באַזונדערע הנאה. גראָד דער סוד האָט פאַר מיר באַזונדערס קיצלדיקס. איך שטעל מיך פאָר, מיט וואָס פאַר אַ אויגן זיי וועלן מיך אַמאָל אָנקוקן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, וועמענס לידער זיי זינגען.

„טרעפט זיך איינמאָל אַזאַ מעשה: נחמן איז אין דעם ווערקשטאָט נישטאָ. איך האָב נויטיק באַ אים אויסצובאָרגן זיינס אַ מעסער: גראַבל איך אַרום אין זיין אָפענעם שופלאָדל. געפין איך דאָרט אַן אָנגעשריי־בענעם העפט. לייען איך אויף דעם שער־בלעטל אין כתיבהטע אותיות: „ל י ד ע ר א ו ן ל י ד ל ע ך, פאַרפאַסט און צו זיי געמאַכט אייגענע ניגונים פון נחמן בראָדער״. לייען איך און לייען. ווער איך אַ צערודערטער. דאָס זיינען דאָך מ י י נ ע לידער. וואָרט באַ וואָרט און אות באַ אות, אַזוי ווי איך האָב זיי אים איבערגעגעבן. דע־מאָלט איז געקומען די צייט, אַז איך זאָל נתגלה ווערן. נחמן בראָדער האָט בכבודו ובעצמו געמוזט מודה זיין פאַר אַלעמען, אַז די שיינע לידער און לידלעך זיינען נישט זיינע — נאָר גאָר זיין באַלעבאָסעס זונדל, פון אברהמל חיים ליפּעס.״ — —

אָט אַזוי ציט זיך אברהמס יוגנט באַ זיין פאָטער, דעם זייגער־מאַכער אין הויז.

פאַרענדיקט די שול מיט אַן אויסצייכענונג (ערשטע מדרגה), פאָרט אברהם אַריבער אין יאָר 1857, צו 17 יאָר, קיין זשיטאָמיר און טרעט אַריין אין דער דאָרטיקער ראַבינער־שול.

.2

די זשיטאָמירער ראַבינער־שול איז אין יענע יאָרן געווען אַ צענטער פון השכלה און אויפקלערונג. די שול האָט באַדאַרפט גרייטן ראַבינער און לערער, אָבער ס'האָבן זיך געצויגן צו דער שול אויך די אַלע, וואָס האָבן געוואָלט באַקומען אַ וועלטלעכע בילדונג. די ראַבינער־שול האָט אַרויסגעגעבן פיל באַוואוסטע שרייבער און טוער, וואָס האָבן פאַר־נומען שפּעטער אַן אָנזעעוודיקן אָרט אין דער ליטעראַטור און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער באַוואוסטער השכלה־טוער, מענדעלעס גור־טער פריינט, אידיש־רוסישער שריפטשטעלער, מנשה מאַרגאַליס, מענ־דעלע מוכר ספרים אַליין, דער מחבר פון „פוילישן אינגל" יצחק יואל לינעצקי, דער באַוואוסטער העברייאישער השכלה־שרייבער און קרי־טיקער מ. מ. וואַרשאַווסקי, און פיל אַנדערע באַדייטנדיקע אידישע שרייבער און דענקער פון דעם 19טן יאָרהונדערט אין געוועזענעם רוסלאַנד האָבן געלערנט און זיינען באַווירקט געווען פון דער ראַבינער־שול. דער גייסט פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול איז געווען אַן אַנ־דערער פונעם גייסט, וואָס האָט געהערשט אין דער ווילנער ראַבינער־שול. די ווילנער ראַבינער־שול איז געווען אַ נעסט פון רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע קרייזלעך, אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול איז די שטימונג געווען אַן אַנדערע. אַזוי ווי צווישן די לערער זיינען געווען מער שריפטשטעלער — איז דער אַלגעמיינער גייסט געווען אַן אַנ־דערער, מער געבונדן מיט שרייבעריי.

אין 1853, מיט אייניקע יאָר פריער איידער א. גאָלדפאַדען איז אָנגעקומען אין דער ראַבינער־שול, האָט אַ תלמיד פון דער ראַבינער־שול, וואָלף קאַמראַש, פאַרפאַסט אַף אידיש אַ בייסנדיקע סאַטירע אַף קהל, געשריבן אין אַ דראַמאַטישער פאָרם. די קיעווער צענזור האָט די דאָזיקע פּיעסע אָנערקענט פאַר אַ געפערלעכער, פאַר אַ ניהיליסטי־שער און געראָטן נאָכצוקוקן די תלמידים פון דער ראַבינער־שול, זיי זאָלן אין אַזעלכע געפערלעכע וועגן נישט גיין.

אין יענע צייטן האָבן די תלמידים פון דער ראַבינער־שול אפילו אָרגאַניזירט אין בערדיטשעוו אַ אידישע פאָרשטעלונג.

דער דערמאָנטער מנשה מאַרגאַליס דערציילט אין זיינע דערי־נערונגען:

„מען האָט דערלאַנגט אַ בקשה צום דירעקטאָר וועגן דער וויכ־

טיקער באַדייטונג פון טאַנצן אין אַלגעמיין און דערהויפּט פאַר אידן, ווען עס איז נויטיק אויסצוגלייכן און אויסצולערנען גראַציעזע מאַנירן. די השתדלות איז באַפרידיקט געוואָרן, און עס זיינען אַוועק טענץ אין דער אַלגעמיינער קוואַרטיר. עס האָבן געטאַנצט אַלט און יונג... די טענץ האָבן אַלעמען פאַרכאַפּט, — דאָס איז געוואָרן אַן עפּידעמישע דערשיינונג. די סאַמע ערנסטע ראַבינערלעך האָבן זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצן, האָבן פאַרגעסן אַן זייער לאַגע אין דער צוקונפט און אַן זייער אַנשטענדיקייט אין דער קעגנוואַרט. אויסגעלערנט זיך טאַנצן, פלעגן די ראַבינערלעך גיין אַף מאַסקאַראַד־בעלער אין זשיטאָמירער טעאַטער. די דערפינדערישקייט פון די שילער האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו קומען אַף די בעלער אין איינדרוק־מאַכנדיקע קאָסטיומען. עס איז געגעבן געוואָרן אַן ערנסטע אויפגאַבע: באַ די סאַמע נישטיקסטע מיט־לען צו מאַכן גראַציעזע קאָסטיומען און דערהויפּט אַזעלכע, וואָס זאָלן צו זיך צוציען די באַלדיקע אויפמערקזאַמקייט.״

אָט די אַטמאָספער אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול האָט גע־וויס מיטגעהאָלפן, אַז אברהם גאָלדפאַדען זאָל מיט מער באַגייסטערונג פאַרזעצן צו שרייבן לידער, און זיך פאַראינטערעסירן אויך מיט טעאַ־טער. און א. י. פּאַפּירנאַ, דער באַוואוסטער העברייאישער שריפטשטע־לער, אַ תלמיד פון דער ראַבינער־שול, גיט טאַקע איבער: „גאָלדפאַדען האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אייגענע לידער אַף אידיש אין גייסט און פאָרם פון די אומגעקינסטלטע פאָלקס־לידער... פון די ראַבינער־שילער זיינען זיינע לידער איבערגעגאַנגען אין גאַס, פון זשיטאָמיר — אין דער פּראָווינץ, און אַזוי איז גאָלדפאַדען, נאָך זיצנדיק אַף דער שול־באַנק, געוואָרן אַ פּאָפּולערער און באַליבטער פאָלקס־דיכטער.״

עס איז באַקאַנט, אַז א. גאָלדפאַדען איז געווען אין זשיטאָמיר אַן אַריינגייער אין הויז פון די וואַרשאַווסקיס, דער פאָטער פון באַרימטן פאָלקס־דיכטער מ. מ. וואַרשאַווסקי. ער באַגעגנט זיך אין זשיטאָמיר אויך מיט זיין לערער א. ב. גאָטלאָבער, באַ וועמען אין הויז עס קומען פאָר מוזיקאַלישע אָוונטן. ער באַפריינדעט זיך דאָ מיט י. י. לינעצקי, דער מחבר פון „דאָס פּוילישע אינגל״. אין ראַבינער־שול האָט געדינט אַלס לערער דער באַוואוסטער העברייאישער שריפטשטעלער אליעזר צבי צווייפעל, וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַנאָנים ביכל פאַר אי־דיש. דער אינספּעקטאָר פון דער ראַבינער־שול איז געווען דער באַ־וואוסטער געלערטער, אַרויסגעבער פון „הצפירה״ חיים זעליק סלאָנימ־סקי. מעגלעך, אַז גאָלדפאַדען האָט זיך דאָ אויך באַגעגנט מיט מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס פלעגט אָפט קומען פון בערדיטשעוו קיין זשיטאָמיר.

א. גאָלדפאַדען האָט פאַרבראַכט אין דער ראַבינער־שול קנאַפּע ניין יאָר. „אַ פריילעך שטיקל צייט — שרייבט גאָלדפאַדען אין זיין

אויטאָביאָגראַפיע — איז דעמאָלט געווען פּאַר מיינע מיטשילער. די הויכגעוועלבטע זאַלן פון אַלע קלאַסן האָבן געהילכט יעדן טאָג פון די טענער, וואָס מיינע קאָלעגן פלעגן זינגען מיינע לידער אין העברייאיש און אין אידיש."

אין דער ראַבינער־שול איז אויך א. גאָלדפאַדענען אויסגעקומען אָנטיילצונעמען אין אַ אידישער פאָרשטעלונג (דר. שלמה עטינגערס „סערקעלע") און אפילו צו שפּילן די הויפּט־ראָלע — פון דער פרוי סערקעלע.

וועגן דעם דערציילט אונדז דער דערמאָנטער א. י. פּאַפּירנאָ:

„די פרוי פון ה. ז. סלאָנימסקי, אינספּעקטאָר פון דער ראַבינער־שול, וואָס איז אין 1862 געקומען מיט איר מאַן פון וואַרשע, האָט מיטגע־בראַכט די אידישע קאָמעדיע פון דר. ש. עטינגער „סערקעלע", אין אַ געשריבענער קאָפּיע, און ס'איז איר איינגעפאַלן, אַז די שילער פון דער ראַבינער־שול זאָלן שפּילן די קאָמעדיע.

„דער פּלאַן פאָרצושטעלן אַף אידיש אַ דראַמע האָט אויסגעזען ווילד באַ דער זשיטאָמירער אידישער אינטעליגענץ, אָבער מאַדאַם סלאָנימסקי איז פעסט באַשטאַנען אַף איר פּלאַן... זי האָט זיך דערפאַר גענומען מיט גרויס ענערגיע: זי האָט פאַנאַנדערגעטיילט די ראָלן, אָרגאַניזירט, רעפּעטירט, געזאָרגט פאַר פאַסנדיקע דעקאָראַציעס, און דער ספּעקטאַקל איז צושטאַנד געקומען אין קעגנוואָרט פון די לערער פון דער ראַבינער־שול און פון דער איבעריקער זשיטאָמירער אינטע־ליגענץ. דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ פוראָר. די שילער האָבן זייערע ראָלן גוט געשפּילט, נאָר מער פון אַלעמען האָט זיך אויסגע־צייכנט גאָלדפאַדען, וואָס האָט געשפּילט די שווערסטע ראָלע — סער־קעלע."

ווי גאָלדפאַדען גיט איבער ד. י. זילבערבושן, „איז ער געווען באַ פרוי סלאָנימסקי די רעכטע האַנט באַם באַזאָרגן די דעקאָראַציעס און באַם איינלערנען מיט די תלמידים איז ער געווען כמעט דער גאַנצער קנאַקער."

די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָט געוויס געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אַף דעם יונגן גאָלדפאַדען און דערוועקט אין אים אַן אינטערעס צום טעאַטער, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געוואָרן אַן עיקר אין גאָלדפאַדענס לעבן.

אין דער זעלביקער צייט, אין 1862—1863, ווערט פאַרעפנטלעכט אין „המליץ" א. גאָלדפאַדענס אַ ליד אין העברייאיש, ער הויבט אָן צו דרוקן אויך זיינע אידישע לידער אין „קול מבשר".

נאָך איידער ער פאַרענדיקט די ראַבינער־שול, לאָזט ער אַרויס אין 1865 אַ זאַמלונג פון זיינע העברייאישע לידער „צצים ופרחים",

און אין יאָר 1866 — אַ זאַמלונג פון זיינע אידישע לידער „דאָס יודעלע". ס'איז אינטערעסאַנט: זיין ה ע ב ר י י א י ש ע לידער־זאַמלונג ווידמעט ער זיין פ אָ ט ע ר, און די א י ד י ש ע זיין מ ו ט ע ר. אין דער ווידמונג פון זיין ביכל „דאָס יודעלע" — „לידער אַף פראָסט אידיש", שרייבט גאָלדפאַדען:

„טייערע מאַמע!
זייער פיל האָסטו געליטן איבער מיר,
מיט וואָס קאָן איך אָפדאַנקען דיר?
אָרעם ווי איך בין — איז די פען מיין עשירות,

שוואַך ווי איך בין — איז דאָס ליד מיינע גבורות,
ווי בלייך דאָס בוך איז, נאָר גרויס איז דער דאַנק,
ווייל פון מיין גאַנצן האַרץ איז דאָס דיר אַ געשאַנק.
פון דיין עלטערן זון
א ב ר ה ם."

„אַ שיינער, שלאַנקער, בלאָנדהאָריקער יונגערמאַן", „אַ לעבנס־לוס־טיקער פּאָעט", — אַזוי שילדערט מען גאָלדפאַדענען פון יענער צייט.

אָנגעלאָדן מיט פיל אידישע און אַלגעמיינע קענטעענישן אין שפּראַכן, באַקענט גוט אין די ווערק פון די אַלטע און נייע ליטעראַטורן, ווי אויך אין געשיכטע, מאַטעמאַטיק, פאַרלאָזט א. גאָלדפאַדען צו 26 יאָר, אין 1866, די זשיטאָמירער ראַבינער־שול. ער באַקומט אַן „אַטעסטאַט" פון דער ראַבינער־שול און ער ווערט באַשטימט אַלס קרוין־לערער אין דער סימפעראָפּיעלער קאַזיאָנער־שול, וואו ער פאַרבלייבט קנאַפּע צוויי יאָר.

.3

די ראָלע פון אַ לערער אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, מיט אַ זייער באַ־שרענקטן געהאַלט—אַזאַ מין לעבן איז נישט געווען צום האַרצן פון דעם יונגן אברהם גאָלדפאַדען. עס האָט אים געצויגן אין אַן אַנדערער רייכע־רער וועלט, און ער קומט קיין אָדעס. דאָס איז געווען אין 1868. א. גאָלדפאַדען איז דאַן אַלט געווען 28 יאָר. אָדעס האָט דאַן פאַרמאָגט אַ ספּעציעלע צוציאונגס־קראַפט. אָט די יונגע פּאָרט־שטאָט האָט דאַן געהאַלטן אין וואַקסן און בליען, און עס זיינען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס, אַז אין אָדעס שאַרט מען גאָלד אין די גאַסן. חוץ דעם האָט אָדעס דאַן געשמט פאַר אַ פרייער, פריידענקערישער שטאָט. דאָ זיינען נישט געווען קיין טראַדיציעס, און וואָס איינעם האָט זיך געוואָלט, האָט ער גע־

טאָן. אָדעס איז געווען פאַר די משכילים אַן עיר־מקלט, די פאַנאַטיקער האָבן דאָ געהאַט אַ קנאַפּע שליטה. אין אָדעס זיינען דערשינען רוסיש־אידישע צייטשריפטן, און אין אָדעס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן זינט 1862 די ערשטע אידישע צייטשריפט „קול מבשר" וואו, נאָך אַלס שילער פון דער ראַבינער־שול, האָט א. גאָלדפאַדען געדרוקט דאָרט זיינע לידער. אין אָדעס האָט א. גאָלדפאַדען געהאַט אַ פעטער, אַ נגיד, אידל קעסעלמאַן.

צו אָט דעם פעטער איז גאָלדפאַדען געקומען. „די ערשטע צייט — ווערט דערציילט — איז ער געווען זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. שטענדיק אַן אויפגעלייגטער און אַ פריילעכער, איז גאָלדפאַדען געווען דער ליבלינג אין דער משפחה. באַזונדערס וואַרעם האָבן אים אויפגענומען קעסעלמאַנס קינדער. איינער פון זיי איז געווען אַ גוטער פּיאַניסט. ער האָט אַ סך מיטגעהאָלפן גאָלדפאַדענען באַם צוקלייבן מעלאָדיעס פאַר זיינע לידער. אויב אָבער די קינדער האָבן שטאַרק ליב געקראָגן גאָלדפאַדענען, האָבן אָבער דער פעטער מיט דער מומען איינגיכן אָנגעהויבן ווערן אומצופרידן. דערצו איז גאָלדפאַדען געווען אַ מענטש מיט גרויסע השגות און פאָדערונגען פונעם לעבן. האָבנדיק דעם פעטער באַ דער זייט, האָט גאָלדפאַדען געקאָנט אַ לעב טאָן פריי און זאָרגלאָז, ווי ער האָט ליב געהאַט. פאַר דער צייט, וואָס גאָלדפאַדען איז געווען, פלעגט די גאַנצע שטוב גיין כאַדאָראָם. זיין אויסטאַנצן און זיין אויסזינגען האָט גאָר קיין שיר נישט געהאַט... זיין גרעסטער חסרון — ווערט איבערגעגעבן — איז געווען, וואָס ער איז געווען אַ „וויטראַפאָל". דער פעטער האָט מיט אים דערפאַר טאַקע אָפט געהאַט צו טאָן, פאַרוואָס ער טראַכט נישט וועגן אַ תכלית. ווי דער טאָג פלעגט זיין גרויס — פלעגט ער איבערליגן מיט לינעצקין און בערנשטיינען אין סטעפּ און שרייבן לידלעך. די נעכט פלעגט ער אויסזיין וואו אַ טעאַטער. ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען קומען באַנאַכט 2־3 אַזייגער אַף אַן „איזוואָזטשיק" און אויפהויבן אַזאַ גערודער, אַז די גאַנצע שטוב איז געגאַנגען כאַדאָראָם."

אין 1869 לאָזט אַרויס א. גאָלדפאַדען אַ נייע אידיש ביכל „די יודענע — פאַרשיידענע געדיכטע און טעאַטער אין פּראָסט־אידישן". דאָ איז פאַרעפנטלעכט א. גאָלדפאַדענס אַ דראַמאַטישער עסקיז „צוויי שכנות" און אַ שטייגער־קאָמעדיע „די מומע סאָסיע". דאָס ביכל האָט געהאַט גרויס דערפאָלג, אין אַ צוויי יאָר אַרום איז עס אַרויס אין אַ צווייטער אויפלאַגע. דאָס ביכל ווערט אויך געלויבט דורך דער קריטיק. „הער גאָלדפאַדען — ווערט געזאָגט אין אַ רעצענזיע אין „קול מבשר" — איז שוין געגוג באַקאַנט דעם אידישן לעזנדיקן פּובליקום. זיינע געדיכטן זיינען מייסטנס קליגנד פון דעם פאָלקס־לעבן געגריפן און זייער

אונטערהאַלטנד. אויך דאָס טעאַטער־שטיק „די מומע סאָסיע" אין פּראָזע איז אויך שיין."

אַ סברא, אַז די טיפּן פון דער דאַזיקער קאָמעדיע זיינען גענומען פונעם אָדעסער אידישן לעבן, — און דערמיט דערקלערט זיך דער גרויסער דערפאָלג פון דעם ווערק.

אין אָדעס האָט א. גאָלדפאַדען חתונה מיט דער טאָכטער פון דעם באַקאַנטן העברייאישן דיכטער און משכיל אליהו מרדכי ווערבעל, — פּאַאולינע, — און טאָקע איר איז געווידמעט דאָס טעאַטער־שטיק „די מומע סאָסיע" — „מיין טייערער האָכגעשעצטער און פיל־געליבטער כלה פּערעלע, פריילין ווערבעל, געווידמעט אין עוויגער טרייער און גרענעצלאָזער ליבע, פון איר חתן א. גאָלדפאַדען."

אין אָדעס דערנענטערט זיך א. גאָלדפאַדען אַלץ מער צום טעאַטער. עס שפּילט דאַן אין אָדעס אַ דייטשע אָפּערעטע, צו וועלכער גאָלדפאַדען ווייזט אַרויס גרויס אינטערעס. אין דער טרופּע שפּילן אויך אייניקע אידן־אַקטיאָרן. גאָלדפאַדען געפינט זיך אויך אין אַ קרייז פון אידישע ליטעראַטן, וואָס שרייבן ווערק אין דראַמאַטישער פאָרם. אין יענער צייט ווערן פאַרעפנטלעכט אין אָדעס אַקסענפעלדס ווערק, עס דרוקט זיך דאַן די קאָמעדיע פון זיין פריינט ש. בערנשטיין „ר' יאָכצי דל גאהה", און ער איז נאָענט צו די קאָמעדיע־פאַרפאַסערס אולריך קאַל־מיס און ש. טראַכטמאַן.

א. גאָלדפאַדען באַציט זיך אָבער לכתחילה מיט גרינגשאַצונג צו אַ אידישן ליטעראַט און צו זיין נעבעכדיקער לאַגע אינעם דעמאָלטדיקן אידישן לעבן. אין 1871 פאַרעפנטלעכט ער אַזאַ מין ליד וועגן די אידישע מחברים, וואָס מוזן נעבעך אָפּשלאָגן די שוועלן מיט זייערע ווערק:

„און אַז דו זעסט אין שטוב אַריינגיין צו דיר
אַ פיין מענטשל לפנים, ער בלייבט שטיין באַ דער טיר,
עס קאָן זיין אַ הויכלעכער מיט אַ בויך אַ פולן
אָדער אַ דאַרעטשקער, נאָר ער טראָגט ברילן,
אָדער אַ ליטוואַקל אַ דיקס, מיט אַ בערדל אַ רויטס,
אָדער אַ פּויליש יונגערמאַנטשיקל מיט אַ פּנימל אַ טויטס,
אָדער גאָר אַן אַלטיטשקער — ווי עס איז געמאָלט —
מיט אַ גרויער באָרד אָדער אינגאַנצן געגאָלט.
ער וועט דיר שטיין ווי אַן עניו און זיך געבן אַ בויג.
— ווער ער איז? — דאַרפסט אים נישט געבן אַ פרעג:
ער אַליין וועט באַלד אַרויסנעמען אַ בוך,
און וועט ווייזן אויף זיך: — פאַרפאַסט האָב איך!

אַט־דאָ וויש זיך אָפּ די ליפּן און רעד קיין סך:
אַ מחבר איז דאָס! אַרויס מיט אַ ראַד!*)

דאָס חוזקן איבער דעם גורל פֿונעם אידישן שרייבער איז גלייכ־צייטיק געווען אויך געווען אַ חוזק איבער דעם אייגענעם גורל.

עס דערציילט דער באַוואוסטער ראָמאַניסט מרדכי ספּעקטאָר אין זיינע זכרונות, ווי איינמאָל זיינען געקומען אין וויניצע (וואו ער, ספּעקטאָר, האָט געלעבט אַלס יונג אינגל) „צוויי אַדעסער אפּיקורסים, וואָס דרוקן זיך אין די בלעטער, שרייבן טריף־פּסולען". די גאַנצע שטאָט איז אויפגערודערט געוואָרן. מ'איז געלאָפן זיי אָנקוקן ווי אַ בייז־וואונ־דער. איינער דעם צווייטן האָט איבערגעגעבן די וואונדערבאַרע ידיעה, ווי ער האָט אַליין געזען, ווי „זיי גייען אָנגעטאָן אין צוויי „קוימענס" און אין „טענדע־ווערענדעס" (אַזוי האָט מען אין רוסלאַנד אָנגערופן די האַרטע, גלאַנציקע, שוואַרצע קאַפּעליושן און די ברייטע לאַנגע מאַנטלען מיט די פּעלערינעס, וואָס זיינען געהאָנגען איבער די אַקסלען, ווי ס'איז געווען דאַן די מאָדע באַ די אינטעליגענטן!). די קינדער פֿון שטעטל זיינען זיי נאָכגעלאָפן, ווי מ'לויפט נאָך משוגעים. איינער פֿון די צוויי אפּיקורסים איז געווען יצחק יואל לינעצקי, דעם וויניצער רבס זון, און דער צווייטער — אברהם גאָלדפאַדען. „זיי זיינען אַרומ־געפאָרן איבער די אידישע שטעט — שרייבט מ. ספּעקטאָר — אידן זאָלן זיך פאַרשרייבן אַף אַ אידיש בלאַט מיט דעם נאָמען „ישראליק", וואָס זיי האָבן געוואָלט אַרויסגעבן אין אויסלאַנד, ווייל אין רוסלאַנד האָט מען נישט דערלויבט אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בלאַט. מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַ חילול־השם, אַז אין אַ אידישער שטוב זאָל זיך געפינען אַזאַ טריפה זאַך, נאָר די געציילטע משכילים אָדער אפּיקורסים האָבן זיי אָפּגעגעבן גרויס כבוד און זיך פאַרשריבן אַף דעם נייעם בלאַט...

איינמאָל, גייענדיק פֿון חדר צוזאַמען מיט מיין חבר, טוט דער חבר פּלוצים אַ געשריי מיט דער גרעסטער שמחה:

— אָט גייען זיי!

איך טו אַ קוק: העט וויט גייט אַ גרויסער עולם. ווען איך בין צוגעקומען נעענטער, האָב איך מער נישט געזען נאָר איינעם, אין אַ הויכן שוואַרצן צילינדער, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער פּעלערינע. ער איז געווען אַ הויכער, אַ געזונטער, אַ שיינער, מיט אַ געגאָלטער באָרד און אַ שמייכלענדיק פּנים.

דאָס איז געווען אברהם גאָלדפאַדען.

---

*) אַ ראַד — אַ רובל.

צווישן דעם נאַכלויפנדיקן עולם, וואָס איז באַשטאַנען דאָס רוב פון מיידלעך, ווייבלעך, אינגלעך און גלאַט פוסטעפּאַסניקעס, האָט מען געזאָגט, אַז דעם רבס תכשיטל גייט אויך מיט אים, נאָר איך האָב אים נישט געזען. ערשט דעמאָלט, ווען איך מיט מיין חבר האָבן זיך דורכגעשטופּט נעענטער צו גאָלדפאַדענען, האָב איך דערזען, ווי גלייך מיט אים איז אויך געגאַנגען איינער אַ קליינינקער, אַ שוואַרצינקער, מיט אַ קליין געשוירן בערדל, אַ שפּיציקע פאַרשאַרפטע נאָז און מיט אויגן נאָר יענעם דורס צו זיין. אַ בייז פאַרביטערט פּנים, פול מיט שפּאָט און געלעכטער אַף אַלץ, וואָס ער האָט געזען אַרום זיך.

ער האָט אויך געטראָגן אַ הויכן שוואַרצן צילינדער־הוט, מיט אַזאַ פעלערינע, ווי גאָלדפאַדען, נאָר צוזאַמען מיט זיין צילינדערהוט איז ער אויסגעקומען עפּעס העכער פון גאָלדפאַדענס גאַרטל.

ביידע „טענדע־ווערענדעס" האָבן געטראָגן אונטער די אָרעמס צוויי גרויסע, שוואַרצע, לעדערנע פאַרטפעלן...

ווייסע חברהניקעס זיינען געלאָפן פאַראויס און זיי געקוקט גלייך אין פּנים אַריין. גאָלדפאַדען האָט געשמייכלט, און לינעצקי האָט געקוקט אַרום אים מיט זיינע בייזע בליקן.

אַזוי זיינען זיי געגאַנגען עטלעכע גאַסן, און נאָך זיי אַ גרויסער עולם, וואָס איז אַלעמאָל געוואָרן גרעסער און גרעסער. אַז זיי זיינען אַריין אין אַ הויז, האָט דער עולם געמאַכט אַ גרויסן „הוראַ", געפייפט און געפילדערט."

א. גאָלדפאַדענען האָט, משמעות, שטאַרק נישט געשמעקט דער גורל פון אַ אידישן מחבר, וואָס דאַרף אַליין אַרומגיין איבער די הייזער, פאַרקויפן זיינע ווערק, קלייבן פרענומעראַנטן. האָט ער באַקומען אין אָדעס אַ שטעלע פון אַ קאַסירער אין אַ הוט־מאַגאַזין, און שפּעטער איז ער אין אָדעס געוואָרן אַליין אַ באַלעבאָס פון אַזאַ מין הוט־מאַגאַזין. אַ געוויסע צייט האָנדלט ער גאָר ברייט און באַנקראָטירט אַ גרויסע סומע געלט. ווי מ'גיט איבער — ווען ס'פלעגן צו אים קומען די בעלי־חובות מאָנען געלט, פלעגט ער זיי זינגען זיינע לידלעך... די בעלי־חובות זיינען אָבער צוגעשטאַנען שטאַרקער, און באין־ברירה האָט גאָלד־פאַדען געמוזט פאַרלאָזן זיין ליבלינג־שטאָט, אָדעס.

אין 1875 קומט ער קיין מינכען, ער האָט בדעה צו שטודירן מע־דיצין. אָבער ער האָט נישט קיין מיטלען צו פאַרבלייבן דאָרט. וואַרפט ער אַוועק דעם געדאַנק וועגן וויטערדיקער בילדונג און לאָזט זיך קיין לעמבערג, וואו ער טרעפט זיך מיט זיין פריינט י. י. לינעצקי. זיי גיבן אַרויס צוזאַמען וויטער די וועכנטלעכע צייטונג „ישראליק", וואָס דער־שיינט סך־הכל פון 23טן יולי 1875 ביזן 2טן פעברואַר 1876. די צייטונג

הערט אויף צו דערשיינען, ווייל עס ווערט פאַרבאָטן אַריינצופירן זי קיין רוסלאַנד.

גרינדעט א. גאָלדפאַדען שוין אַליין, אָן לינעצקין, אין טשערנאָוויץ (בוקאָווינע) אַ נייע צייטונג „איזראַעליטישעס פאָלקס־בלאַט". זי דער־שיינט בלויז דריי חדשים, ווייל, ווי גאָלדפאַדען שרייבט אַליין, „די ווייניקע בוקאָווינער אידן האָבן ווייניק פאַרשטאַנען אונדזער זשאַרגאָן."

אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע לאָזט זיך א. גאָלדפאַדען ווי־דער וואַנדערן און קומט קיין רומעניע.

## 4.

א. גאָלדפאַדען קומט קיין רומעניע מיט דער דעה אַריבערצוטראָגן אַהין זיין צייטונג. איינער פון זיינע אַבאָנענטן, י. ליבערעסקאָ, רופט אים צוליב דעם צוועק אַרויס קיין יאַס.

„מיט פרייד — דערציילט א. גאָלדפאַדען — האָב איך מיך אָנגע־כאַפּט אין דעם פאָרשלאָג און האָב מיך געלאָזט אַף „גאָטס באַראָט" אין דעם פרעמדן, נאָך מיר אומבאַקאַנטן לאַנד רומעניע. קומענדיק קיין יאַס האָט מיך מיין אַבאָנענט פריינטלעך עמפּפאַנגען און מיך געבראַכט צו זיך אַהיים מיט די ווערטער: „איר זענט מיין אורח".

„ווי אַ לעבעדיקע צייטונג האָט מיין פריינט אַנאָנסירט אין שטאָט מיין קומען". עס זיינען געקומען פיל מענטשן אָפּצוגעבן שלום דעם גאַסט, און צווישן זיי איז אויך געווען איינער מיטן נאָמען „גראָדנער" — אַ טאַלאַנטפולער „לידער־זינגער" פון יענער צייט — ער האָט דעמאָלט אונטערגעהאַלטן דעם עולם מיט זיין לידער־זינגען אַלע שבת־צונאַכטס אין אַ קליין גערטנדל באַ איינעם שמעון מאַרק.

אין יענער צייט האָט זיך דאָס יאַסער אידישע פובליקום אונ־טערהאַלטן מיט די לידער־זינגער, וואָס פלעגן אין געוויסע סאַלאָנען פאָרטראָגן אידישע לידער, און אַזוי ווי די זינגער פלעגן אויך זינגען פיל פון זיינע, גאָלדפאַדענס, לידער, איז ער געווען נייגעריק צו זען, וואָס פאַר אַ פנים די לידער זיינע האָבן באַ יענעם אין מויל. „און זיצנ־דיק איינמאָל אין אַזאַ סאַלאָן — דערציילט גאָלדפאַדען — איז מיר דאָס ערשטע מאָל געקומען אַף מיין מחשבה די אייגענע לידער אין פאַרבינדונג מיט פראָזע און מיט אַ קליינעם אינהאַלט אַלס טעאַטער־שטיק פאַר דעם פובליקום פאָרצושטעלן. דער פּלאַן איז פאַרטיק גע־וואָרן, און חול־המועד סוכות 1876 האָב איך געלייגט דעם גרונטשטיין צום פונדאַמענט פון דעם אידישן טעאַטער."

א. גאָלדפאַדען כאַראַקטעריזירט אַזוי זיין ערשטן אַרטיסט, דעם מיט־העלפער אויפצושטעלן די ערשטע טעאַטער־בינע: „אויסער זיינע

קינסטלערישע פיאיקייטן, האָט ער באַוויזן דעם אונטערנעמונגס־גייסט, דעם מוט און די ענערגיע... אין דער צייט, וואָס די אַנדערע זיינען געפּאַרן אין ק ל י י נ ע שטעטלעך און האָבן געזונגען אין אַ ג ע־ ו ו י י נ ל ע כ ע ר שטוב אָדער אין אַ קיך אָדער אין אַ שענק, פלעגט ער שוין קומען אין גרויסע שטעט, אָפּזוכן אַ ג ר ו י ס ן ל אָ ק אָ ל, מאַכן אַן עסטראַדע, אויסשטעלן נומערירטע בענקלעך און דרוקן קליינע אַפישלעך, וועלכע האָבן געטראָגן דעם קורצן, נאָר קלינגענדיקן איב־האַלט: אַז ער זינגט די בעסטע לידער פון די באַליבטסטע פאָלקס־דיכטער: אליקום צונזער, וועלוול זבאַרזשער, י. י. לינעצקי און מיינע (גאָלדפאַדענס) א. אָ."

אַלע לידער האָט גראָדנער געזונגען „קאָסטיומירט" און צום שלוס פון יעדן, אפילו ערנסטן ליד, האָט ער געמוזט צוטאַנצן.

ווען דאָס לידל האָט געפאָדערט צוויי פּערזאָן, ווי, למשל, דער „ערב יום־כיפור", וואו אַ חסיד זינגט אַ סטראָפע צום דייטש, און דער דייטש צום חסיד און זיי שפּאַרן זיך וועגן די אידישע מנהגים, פלעגט גראָדנער נעמען אַ אינגל, אים אויסלערנען די סטראָפן פונעם „דייטש", און ער, אַלס חסיד (ווייל דאָס איז אַ קאָמישע ראָלע), פלעגן זיי שטיין אויף דער עסטראַדע און זינגענדיק, טענהן איינער צום אַנדערן.

„דער פּראַקטישער גראָדנער — דערציילט ווייטער גאָלדפאַדען — האָט שוין לאַנג איינגעזען, אַז ביי ערנסטע לידער פלעגט, מייסטנס, דער עולם איינשלאָפן. אום אים צו באַלעבן, האָט דער חסיד מיט דעם דייטש ג ע מ ו ז ט זיך גוט אָנזידלען מיט אַלע מיאוסע קללות, וואָס עס איז זיי געקומען אין מויל אַריין, — דער עולם האָט שטאַרק געלאַכט, דערנאָך האָבן זיי זיך געמוזט צעפּאַטשן; ס'הייסט, דער חסיד מיט דעם דייטש! און דער עולם האָט אויך דערפאַר געפּאַטשט בראַוואָ!... און נאָך דעם פּאַטשן האָט מען געמוזט שליסן מיט טענץ: דער דייטש האָט געטאַנצט אַ חסיד, און דער חסיד אַ לוסטיקע רוסישע קאַמאַרינסקע, — דאָס פּובליקום איז געווען אַנטציקט און באַפרידיקט.

„אייניקע אַזעלכע שטיקלעך האָבן שוין געהאַט נעמען ווי „דער טאַבאַק־מאַכער", „דאָס אָדעסער ווייבל" א. אַז. וו. בא דער מעטאָדע און בא דער הויכער שטופע האָב איך דאַן געטראָפן די שוישפילער־קונסט.

„מיט איבערראַשנדיקער פרייד — דערציילט א. גאָלדפאַדען — האָט גראָדנער דערהערט, אַז איינער פון די פאָלקס־דיכטער, מיט וועמענס לידער ער האָט אַזוי פיל צייט פוראַר געמאַכט און געלט פאַר־דינט, געפינט זיך אין יאַס."

גראָדנער האָט זיך געבעטן בא גאָלדפאַדענען, ער זאָל אים געבן נייע לידער, וואָס ער דאַרף האָבן צום זינגען.

— אמת, טאַקע — האָט גראָדנער צוגעשמייכלט — איך פאַרדין טאַקע געלט מיט אייערע לידער, נאָר איך שאַדט עס דאָך נישט, ווייל איר גיט אייך מיט דעם נישט אָפּ און פאַר אייך פּאַסט דאָס אפשר נישט. באַ מיר איז דאָס אַ פּראָפעסיע, און אייך איבערהויפּט מאַך איך קיין אומכבוד, ווייל איבעראַל שרייב איך מיט גרויסע בוכשטאַבן דעם נאָמען פון פּאַרפאַסער פון יעדן ליד. און כאָטש איר זענט אין רומעניע דאָס ערשטע מאָל, קאָנען שוין קינד און קייט אייער נאָמען, און יעדער איז נייגעריק אייך צו זען."

גאָלדפאַדען, וואָס איז געקומען קיין יאַס גאָר מיט אַן אַנדער צוועק, אַרויסצוגעבן דאָ אַ אידישע צייטונג, האָט שוין געהאַלטן באַם דערפילן די בקשה פון גראָדנערן. דערביי אָבער איז געשען אַ מעשה, וואָס האָט איבערגעדרייט די פּלענער פון גאָלדפאַדענען און אָנגעצייכנט גאָר אַ נייעם וועג אין גאָלדפאַדענס לעבן, ווי אויך אין דער געשיכטע פון דעם אידישן טעאַטער.

5.

אין יאַס איז געווען איינער אַ איד שמעון מאַרק. ער האָט עס לעבן זיין קאַפע־הויז אין אַ קליין גערטנדל געמאַכט אַן עסטראַדע, אַף וועלכער דורכרייזנדיקע לידער־זינגער האָבן אונטערהאַלטן אַלע שבת־צו־נאַכטס דעם עולם, וואָס פלעגט אַריינקומען אין זיין קאַפע־הויז. „זעלבסטפאַרשטענדלעך — שרייבט א. גאָלדפאַדען — האָבן זיך די רייכערע אידישע פאַמיליעס צוריקגעהאַלטן. די באַלעבאַטישע קינדער האָט נישט געפּאַסט אַריינצוקומען אין דעם ווינקל, וואו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען אינגלעך, מיידלעך, ווייבלעך פון דעם נידעריקן שיכט פון פאָלק"...

און אָט אין דעם־אַ גערטנדל, אַף דער עסטראַדע, האָט עס גאָלד־פאַדען געמאַכט זיין ערשטן שריט צו שאַפן אַ אידישן טעאַטער.

גאָלדפאַדען אַליין דערציילט אויספירלעך וועגן זיין ערשטן אויפ־טריט, וואָס ער רופט אָן „מיין ערשטער פיאַסקאָ".

זיין גוטער פריינט ליברעסקאָ איז צו אים געקומען מיט אַ פאָר־שלאָג, אַז שמעון מאַרק (דער אייגנטימער פון דעם גערטנדל מיט דער עסטראַדע) וויל באַ דער געלעגנהייט, וואָס ער איז דאָ, ער זאָל אויפ־טרעטן שבת־צו־נאַכט באַ אים אין גאָרטן מיט זיינע לידער. מאַרק האָט אפילו געגעבן פאָראויס 100 פראַנק, וואָס איז אים שטאַרק צונוץ גע־קומען. גאָלדפאַדען איז געווען זיכער אינעם דערפאָלג, ווייל מיט אייניקע יאָר צוריק איז ער אויפגעטראָטן פאַר אַן אינטעליגענטן פובלי־קום אין אָדעס מיט גרויס דערפאָלג.

א. גאָלדפאַדען האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ גאַלאַ־אָנצוג, — אין אַ שוואַרצן פראַק און ווייסע גלאַטע הענטשקעס מיט אַ ווייסן קראַוואַט, און אין דער באַגלייטונג פון ליברעסקאָ איז ער געקומען צופאָרן אַף אַ דראָזשקע אין טעאַטער.

„דער גאָרטן — דערציילט גאָלדפאַדען — איז געווען פול געפּראָפּט מיט... זעט איר „מיט וואָס?" קאָן איך אייך נישט זאָגן, צי מיט אַן ע ו ל ם, צי מיט אַ ג ו ל ם — דען קוים בין איך דערשינען אַף דער עסטראַדע, איז דער עולם געבליבן ווי פאַרשטיינערט... אויסער אייניקע אינטעליגענטע יונגעלייט, האָט קיינער נישט געוואַגט אַ פּיפּס צו טאָן... וואַרשיינלעך, ווייל אָנשטאָט אַ לידל־זינגער אין שיך און זאָקן האָבן זיי פּלוצלונג געזען שטיין פאַר זיך „עפּעס אַן עלעגאַנטן „פריץ אין אַ פראַק"... מיין ערנסטע מינע האָט בא זיי וואַרשיינלעך אַרויסגערופן אַ מין ר ע ס פּ ע ק ט, אָנשטאָט אַ קאָמישן לעבעדיקן איינדרוק...

„איך האָב אָנגעפאַנגען צו דעקלאַמירן מיין באַקאַנטע נאַציאָנאַלע פּאָעמע „דאָס פּינטעלע איד" — אין גאָרטן הערשט אַ טיף שטיל־שווייגעניש.

„פּילייכט, רעכן איך, האַלט דער עולם איין דעם אָטעם זיך אויפ־מערקזאַמער צוהערן צו די ווערטער. — איך האָב דעקלאַמירט הויך, אָנגענעם, מיט עקסטאַז, נאָך אַלע רעגלען פון דער דעקלאַמאַציע־קונסט.

„איך ענדיק די ערשטע אָפּטיילונג. דער עולם שווייגט!

„איך פאַרנייג מיך אָוועקצוגיין. — דער עולם שווייגט!...

„איך גיי אָוועק, — דער עולם שווייגט! —

„איך האָב געקלערט: פּילייכט איז דעם פּובליקום צו־שווער צו באַ־גרייפן, אָדער האָט עס קיין לוסט נישט צו די ערנסטע פּאַטריאָטישע געדיכטן...

„איך טראָג פאָר די צווייטע אָפּטיילונג: „די אַלטע נשמה". — מען שווייגט ווייטער.

„דאָס „שווייגן" וואָלט שוין געווען אַ האַלב לייד. איך בויג מיך און גיי אָוועק... ברידער! —

— „מען פייפט!!! — — — —

„אָט האָסטו דיר אַ בייז פּיפּעניש! — הא, וואָס מיר האָט זיך גע־חלומט די נאַכט און יענע נאַכט, זאָל אויסגיין צו זייערע — — —

„גראָדנערן, וואָס איז געשטאַנען באַהאַלטן אין אַ זייט אַף דער עסט־ראַדע — האָט די אומפאַרשעמטקייט זייער פאַרכאַפּט באַם האַרצן. ער איז אַרויס צו זיין באַקאַנטן עולם און האָט אים גוט מכבד געווען און געשימפּט, פאַרוואָס ער פאַרשטייט נישט צו שעצן דעם זעלבן אויטאָר, וואָס דער עולם קוועלט אַזוי תמיד פון זיינע לידער, געזונגען פון אַנדערע.

„דער עולם פּליעסקעט בראַוואָ!..

„אַט דאָ איז גראָדנער געפּאַלן אַף אַ פּלאַן. ער האָט זיך בליך־שנעל אַריינגעוואָרפן אין אַ לאַנגן קאַפּטן, אין שיך און זאָקן, אין אַ שטריימל מיט אַ פּאָר לאַנגע פּאות (אַ באָרד האָט ער אין איילעניש פאַרגעסן אָנצוטאָן!). ער האָט אַ לופטיקן שפּרונג געטאָן אַף דער בינע מיט די ווערטער:

„איך וועל אייך פאַרזינגען אַ שיין ליד „דאָס פריילעכע חסידל", פאַרפאַסט פון אונדזער באַרימטן פאָלקס־דיכטער גאָלדפאַדען!" (די לעצטע ווערטער האָט ער אומישנע הויך אויסגעשריען!) — און האָט טאַקע באַלד אָנגעהויבן צו זינגען דאָס ליד, געמאַכט משוגענע, איבער־געטריבענע תנועות און האָט געטאַנצט און געוואָרפן פיס געפערלעך...

„דעם עולם איז אַריין אַ נייע נשמה — דאָס פּליעסקען „בראַוואָ" האָט קיין שיר נישט געהאַט"...

א. גאָלדפאַדען ענדיקט די געשיכטע וועגן זיין ערשטן אויפטריט־דורכפאַל:

„איך האָב דערווייל אויסגענוצט די געלעגנהייט און מיט אַ גוטן פריינט זיך שטיל, מען זאָל חלילה נישט זען, אַרויסגערוקט זיך פונעם גאָרטן"...

## 6.

„פון דעם שוואַרצן סוף — דערציילט א. גאָלדפאַדען — וואָס איך האָב געכאַפּט, איז אַרויס דער ליכטיקער אָנפאַנג צו אַ פריילעכער צוקונפט!"

„די גאַנצע נאַכט האָבן מיינע געהירן באַ מיר שטאַרק געאַרבעט אין קאָפּ... דער דורכפאַל האָט מיך ווייניק געאַרט. מיר האָט דאָס האַרץ געשמערצט צו זען מיין פאָלק אין אַזאַ נידעריקער שטופע פון גייסט־אַנטוויקלונג און אין אַזאַ מאַנגל פון אידעלע געפילן...

„וואָס טוט מען? — ווי אַזוי בילדעט מען אים אויס?

„ער דאַרף אַ שולע!... מען דאַרף אים שאַפן לעבנס־דראַמען אָדער בילדער פון זיין אייגענעם לעבן, אין וועלכע עס זאָל זיך אָפּשפּיגלען זיין אייגענע אומוויסנקייט, זיינע אייגענע פעלערן, און זאָל זיך באַ־שטרעבן ביסלעכווייז זיי צו פאַרבעסערן. מען וואָלט אים באַדאַרפט געבן היסטאָרישע שטיק, ער זאָל קאָנען לערנען פון דער בינע אויס־שפּילנדיק זיין אייגענע געשיכטע, זיין פאַרגאַנגענהייט... ער זאָל אימ־שטאַנד זיין צו דערפאַרן און צו וויסן, ווער ער איז אַליין"....

אַט אַזוי כאַראַקטעריזירט א. גאָלדפאַדען די אידישע מאַסע פון

זיין צייט, ווען ער איז צוגעטראָטן צו לייגן דעם גרונטשטיין פאַר דעם טעאַטער.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער גרינדונג פונעם אידישן טעאַטער גאַנץ־באַוואוסטזיניק. ער איז צוגעגאַנגען ווי אַ פאָטער צו אַ געליבט קינד, ער האָט געוואוסט דעם קינדס פעלערן און ער האָט געזוכט אויס־צובעסערן זיי.

און מיט פיל יאָרן שפּעטער, ווען מ'האָט שוין געפייערט דעם 25־יאָריקן יובילײ פונעם גאָלדפאַדענישן אידישן טעאַטער, האָט גאָלד־פאַדען אַזוי געשריבן:

„איך וואָלט בייגעריק געווען צו וויסן, וואָס וואָלטן געטאָן די איצ־טיקע טאַלאַנטפולע אויטאָרן פונעם אידישן טעאַטער, וואָס האָבן שוין פאַר זיך אויסגעאַרבעטע אידישע קינסטלער, פיל אידישע טאַלאַנטפולע זינגערס, אַ גרויסן מענער־און פרויען־כאָר, גרויסע טעאַטער־געביידעס, בינעס מיט קונסטפולע מאַשינעריעס און שפּילן פאַר אַ פּובליקום, וואָס האָט אויך באַזוכט פיל נישט־אידישע טעאַטערס און באַם אידישן דער־וואַקסענעם קרעפטיקן טעאַטער־קערפּער, וואָס האָט שוין דערגרייכט, ברוך השם, זיינע 25 יאָר; וואָס וואָלטן די אויטאָרן געטאָן, פרעג איך, באַ מיין דעמאָלטדיקער לאַגע אַף מ י י ן פּלאַץ און מ י י ן צו־שטאַנד, ווען דאָס טעאַטער־קינד איז נאָר־וואָס געבוירן געוואָרן און מ'האָט עס געמוזט וויקלען אין וויקעלעך... פאַר אַן עולם, וואָס איז נאָך אויך געווען קינדיש, אָן אַ בינע, אָן אַ פרוי, נאָר מיט אַנדערהאַלבן לידער־זינגערס. צי וואָלטן זיי דעמאָלט אויך געשריבן די גרויסע דראַ־מען, וואָס פאָדערן אַ פערסאָנאַל פון 20 פּערזאָנען? צי וואָלטן זיי פאַר די צוויי זינגערס אויך איבערזעצט שעקספּיר, איבסען, שילער, אָדער אַנדערע גרויסע אָפּערן געשריבן?"

און א. גאָלדפאַדען, וועלכער האָט זיך אָנגעהערט אַף זיין אַדרעס גענוג טענות מיט פאָרוואורפן, זאָגט מיט דער ווירדע פון אַ מענטשן, וואָס איז זיכער אין דער וויכטיקייט פון דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט:

„די נייע אויטאָרן מוז איך נאָך באַמערקן איין זאַך, אַז אין יענער צייט, ווען איך בין געקומען קיין יאַס, בין איך שוין געווען געקומען פון דער ג ר ו י ס ע ר וועלט און האָב געהאַט גענוג געלעגנהייטן זיך אָנצוקוקן און אָנצוזען מיט די בעסטע דראַמען און אָפּערן, פּויליש־שע, רוסישע, דייטשע פון אַלע קלענסטע אָפּערעטן ביז צו די באַ־רימטסטע ווערדיס, מעיערבערס, האַלעוויס, און אין ווין האָב איך זאָגאָר געהאַט די געלעגנהייט צו זען אין אָפּערן־טעאַטער אַלע וואַגנערישע שטיק.

„איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען און הערן די בעסטע אַר־טיסטן פון יענער צייט, ניש נאָר ראַיססי, סאָלווינע א. אַז. וו., נאָר אַזאַ

פערזאָן ווי האַלדריטש, אַ וואָרן־געבוירענעם שוואַרצן מאַאָר, וואָס האָט געשפּילט אין „אָטעלאָ" זיין ראָלע אין ענגלישער שפּראַך, בעת דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל האָט גערעדט פּויליש. און ווי לייכט מיר וואָלט געווען דעמאָלט אויך צו איבערזעצן שעקספּירן, פון דעם רוסישן אָס־טראָווסקי, פון פראַנצויזישן מאָליער, גוצקאָווס „אוריאל אַקאָסטאַ" אָדער „נאַטאַן דער ווייזע" פון לעסינג און דאָסגלייכן — ווער שמועסט די אידישע געשיכטע, און די ביבל איז דאָך פאַר מיר געשטאַנען אָפן מיט פּאַרטיקע סיוזשעטן ווי „יוסף מיט די ברידער", „שלמה המלך", „חשמונאים", „ר' יהודה הלוי", „דוד־אל־ראי", „ר' עקיבא", „בר־כוכבא" און אַנדערע, און וואָלט מיך נישט באַדאַרפט בלאַמירן מיט „שמענדריק" אָדער „ני־בע, ני־מע", אַז די וועלט זאָל מיינען, אַז איך קאָן טאַקע נישט אַנדערש שרייבן, בעת איך בין געצוואונגען געווען קעגן מיין ווילן און טראָץ מיינע קענטעניש זיך אָפּצוגעבן מיט אַזוינע קינדערשע שפּילן...

„ווען אַ בילדהויער, אַ סקולפּטאָר, — גיט א. גאָלדפאַדען ווייטער צו פאַרשטיין די ערשטע שריט פון זיין טעאַטער, — האָט אַ יונג קינד פון אַ יאָר, וועט ער זיך נישט שטעלן אויסהאַקן פון ווייסן מאַר־מאָר אַ קונסט־בילד פון „נאַפּאָלעאָן" אָדער „וויקטאָר הוגאָ", און געבן זיין קינד זיך צו שפּילן דערמיט. — וועט ער גיכער מאַכן פון האָלץ אַן אומגעלומפּערטע פּופּע, אין דעם אָרט פון קאָפּ וועט ער אָנשמירן צוויי שוואַרצע פּינטלען, וואָס וועט פאָרשטעלן אַ פּאָר אויגן... ער וועט גוט אָנשמירן מיט רויטער פאַרב די ערטער, וואָס קאָנען הייסן באַקן אָדער ליפּן, — און דאָס קינד וועט זיך מיט דעם פיל בעסער אַמוזירן, ווי מיט דער מאַרמאָרנער, ווייסער, היסטאָרישער פיגור, וועלכע וועט האָבן אַן אינטערעס פאַר אים ערשט דאַן, ווען ער וועט שוין ווערן עלטער, אויסוואַקסן, און ווערט קאָנען פאַרשטיין די קונסט פון דער פּלאַסטיק און ווערט קאָנען די געשיכטע פון דער הויכער פערזאָן, וואָס די פיגור שטעלט פאָר."

* * *

פאַרטראַכט אָנצוהייבן אָרגאַניזירן אַ אידיש טעאַטער, איז געשטאַנען פאַר גאָלדפאַדענען די פראַגע: „און וואו נעמט מען אַרטיסטן?"

דערוויל האָט ער פאַר זיך געהאַט איין ישראל גראָדנער.

„גראָדנער — דערציילט גאָלדפאַדען — האָט שיינע פייאיקייטן: ער באַזיצט אַ געזונטע, אָנגענעמע, נאָך־נישט אויסגעאַרבעטע באַריטאָן־שטימע; ער איז באַגאַבט פון נאַטור מיט טאַלאַנט; זיינע באַוועגונגען און מימיק זיינען באַפּרידיקנדיק, נאָר ווילד. עס פאָדערט אַ רעגלמעסיקע אַנטוויקלונג און מעטאָד. איך ווייס, אַז באַ מיין פייאיקן פאָלק קאָן מען פיל ווי ער געפינען, וואָס מ'דאַרף נאָר אויפוועקן זייער פאַרשלאָ־

פענעם טאַלאַנט. נאָר וואו נעמט מען זיי שוין? — דערווייל זע איך פאַר זיך  א י י נ ע ם  אָדער  צ ו ו י י"...

און גאָלדפאַדען מאָלט פאַר אונדז, ווי ער האָט אויפגענומען י. גראָדנערן, וואָס איז געקומען צו אים בעטן נייע לידער צום זינגען. „ער האָט זיך געפילט — שרייבט גאָלדפאַדען — אַז ער געפינט זיך נאָענט לעבן אַ פרישן קוואַל, פון וועלכן ער קאָן לעבנסלאַנג שעפּן פרי־שע, גייסטיקע געטראַנקען צו זיין באַרוף, און זיין פאַרזיכערט מיט זיין עקזיסטענץ; נאָר ער האָט נישט געוואַגט מיר דאָס אַרויסצוזאָגן"...

גאָלדפאַדען האָט אים געזאָגט:

— „איך זע אין אייך טאַלאַנט צו דער בינע, — אַ שאָד איר זאָלט בלייבן נאָר באַ לידלעך זינגען. — איר קאָנט אייך אויסאַרבעטן אַלס אַרטיסט. ווען איר זאָלט קאָנען פועלן באַ זיך צו זיין אַ צייט לעבן מיר, וועל איך פון אייערטוועגן נישט נאָר לידער שרייבן, נאָר רעגלמעסיקע טעאַטער־שטיק און דראַמען — איך באַזיץ זייער פיל שיינע סיוזשעטן פונעם אידישן לעבן"...

י. ליברעסקאָ, גאָלדפאַדענס פריינט פון יאַס, גיט איבער אין זיינע זכרונות אַזאַ מין עפּיזאָד:

נאָך דעם, ווי א. גאָלדפאַדען איז דורכגעפאַלן בעת זיין אויפטריט אויף דער עסטראַדע אין שמעון מאַרקס גערטנדל, האָט ער באַשלאָסן זיך צו נעמען ווידעראַמאָל צו דער צייטונג. ער האָט געהאַט בדעה צו פאָרן קיין בוקאַרעשט און אַרויסגעבן דאָרט אַ אידיש בלאַט. ער האָט שוין געוואָלט זיך ווידער לאָזן זאַמלען אַבאָנענטן פאַר דער נייער צייטונג. האָט זיך צו אים אָפּגערופן די פרוי ליברעסקאָ:

— מאָסיע גאָלדפאַדען, אין בוקאַרעשט איז שוין פאַראַן אַ בלאַט „היועץ", — שטאַרבט דער רעדאַקטאָר זיבן מאָל אַ טאָג פון הונגער. וואָס וועט איר אויפטאָן? איר וועט אויך אַרויסגעבן אַ בלאַט, וועט איר ביידע שטאַרבן פון הונגער. איר פאָלגט מיך בעסער, האַקט אָפּ פון דעם משוגעת. אידן פעלט אַ טעאַטער, נעמט זיך בעסער דערצו. איך האָב געלעזן פון אייך „די מומע סאָסיע", — עס איז אַקוראַט ווי צום שפּילן, נאָר איר האָט עס געמאַכט בלויז צום לייענען, קאָנט איר עס דאָך מאַכן טאַקע צום שפּילן. איך מיין אידיש טעאַטער, אַקוראַט ווי באַ די גויים, נישט אַזוי ווי גראָדנער מאַכט...

א. גאָלדפאַדען, וואָס איז דאַן געשטאַנען אין צילינדער, מיטן שטעקן אין האַנט, האָט אויסגעטאָן דעם הוט, אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן און געזאָגט צו זיין פריינט:

— איר ווייסט, ליברעסקאָ, אייער ווייב האָט מיר געגעבן אַן אידייע, מ'וועט שאַרן „נאַפּאָלעאָנס" מיט לאָפּעטעס...

האָט מען גלייך טאַקע פּיבערהאַפּט גענומען זיך גרייטן צו דער ערשטער „אויפפירונג“.

א. גאָלדפאַדען דערציילט:

„איך האָב גראָדנערן פאַרגעלייגט, אַז כדי צו רעדן עפּעס פּראָזע אַף דער בינע, מוז מען האָבן מיט ווּעמען צו רעדן, צו זיך אַליין קאָן מען דאָך נישט רעדן. עס דאַרפן זיין כאָטש נאָך אַ פּאָר מענטשן אַחוץ אים. האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט אַ חבר, וואָס העלפט אים אַרויס פון צייט צו צייט. ער איז אַ בעל־מלאכה, אָבער ער דענקט, אַז ער האָט אַביסל טאַלאַנט. ער איז אַוועק און האָט מיר געבראַכט אַ אינגל מיטן נאָמען שכר גאָלדשטיין. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט דאָס אינגל אַוועקגערופן פון דער אַרבעט (ער האָט געאַרבעט באַ אַ זאָטלמאַכער). איך האָב דעם יונג באַטראַכט און באַלד פאַרשטאַנען, אַז לויט זיין יונג פּנימל וואָלט ער געקאָנט טויגן צו פרויען־ראָלן. צו־זאַמען מיט שכר גאָלדשטיין האָט ער מיר געבראַכט נאָך אַ גאַסן־אינגל אָן אַ נאָמען.

„איך האָב באַלד אַוועקגעזעצט גראָדנערן און גאָלדשטיינען לעבן מיר, זיי אָנגעשריבן עטלעכע ערנסטע און קאָמישע לידלעך, וואָס זיי האָבן טאַקע באַלד איינגעשטודירט, און איך האָב זיי אָנגעזאָגט, וואָס זיי האָבן צו טאָן און וואָס זיי האָבן צו רעדן. ווּעלן זיי נישט געדענקען אַקוראַט, מעגן זיי צולייגן זייערע ווערטער, וואָס ס׳וועט זיי קומען אין מויל אַריין (פון שרייבן „ראָלן“ איז נאָך קיין רייד נישט געווען!). זיי דאַרפן נאָר וויסן ווען זיך צו קושן, ווען זיך צו שלאָגן און ווען זיך איבערצובעטן און טאַנצן.

„מיר האָבן באַלד, שוין טאַקע אין שׂטוב, געמאַכט פּראָבע, און ס׳איז אַרויס, צו מיינע צרות, אַ צוויי־אַקטיק שטיק. אַ שטיק... איך וויים אַליין נישט וואָס! אַ מין דולעניש, אָן אומזין, אַ קאַלאַטוכע, אַז איך געדענק אפילו נישט וואָס פאַר אַ נאָמען דאָס האָט געהאַט.“

דאָס שטיק איז געשפּילט געוואָרן צוויי מאָל. דער עולם האָט אָנגעקוואָלן.

דערווייל האָט גאָלדפאַדען צוגעגרייט אַ צווייטע „פּיעסע“ פאַר גראָדנער און גאָלדשטיין, צונויפגעשטעלט פון זיינע צוויי לידער „די חסידה“ און „שלאָף מיין קינד“. אָבער אַזוי ווי ס׳איז שוין געווען נאָך סוכות, און אין שמעון מאַרקס גאָרטן האָט מען מער נישט געקאָנט שפּילן, איז געבליבן, אַז גאָלדפאַדען מיט די אַקטיאָרן פאָרן אַרויס קיין באָטישאַן.

ס׳איז גרינג צו זאָגן — אַ ר י ב ע ר פ אָ ר ן קיין באָטישאַן. וואו אָבער נעמט מען הוצאות אַף דער רייזע? מ׳האָט געדאַרפט אַנוועגדן פיל באַמיאונגען, ביז ס׳איז געלונגען צונויפקלאַפּן אַ סומע, און דער

„אַנסאַמבל“, בראש מיט א. גאָלדפאַדען, איז געקומען קיין באָטישאַן.

מען האָט אָפּגעדונגען אַ גרויסע געביידע און מ׳האָט שוין באַ־דאַרפט אָנהויבן צו שפּילן. אָבער דאָ געשעט אַן אַנדער אומגליק: ס׳הויבט זיך אָן די רעקרוטירונג פאַר רומענישע זעלנער. גאָלדפאַדען מיט זיינע אַקטיאָרן באַהאַלטן זיך אויס אַף אַ בוידעם. זיי זיצן אָבער נישט ליידיק: דאָרט, אַפן בוידעם, גרייטן זיי צו דעם וויטערדיקן רעפּערטואַר. גאָלדפאַדען דערציילט פאַר זיין „טרופּע“ דעם סיוזשעט „די קאַץ און דער ברונעם“, וואָס ער האָט גענומען פון זייך שווער ווערבעלס אַ דערציילונג (שפּעטער האָט גאָלדפאַדען עס אַריינגעפלאָכטן אין זיין אָפּערעטע „שולמית“). ער האָט אָבער זיך אַרומגעזען, אַז זיין „טרופּע“ וועט אַזאַ פּיעסע נישט קאָנען אויפפירן. אַזוי איז אויך געווען מיט זיין קאָמעדיע „די מומע סאָסיע“, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַ פּער־סאָנאַל פון פיר פרויען און פיל מענער.

מען האָט אין „געהאַקטע צרות“ איבערגעוואָרט די רעקרוטן־בהלה, און דערנאָך זיך גענומען שפּילן די פּיעסע „רעקרוטן“, וואָס א. גאָלד־פאַדען האָט דערוויל פאַרפאַסט. „דאָס טעאַטער — דערציילט גאָלד־פאַדען — איז געווען פול. איך אַליין בין געשטאַנען הינטער די קוליסן, אַמאָל האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט אין סופליר־שטיבל און האָב סופלירט אַלץ אויסנווייניק. דער עולם האָט אַפּלאָדירט, — איבערהויפּט דעם לעצטן טאַנץ. דאָס טעאַטער איז געווען פול, אָבער געלט איז געווען ווייניק. נאָך אַלע חשבונות און רעכענונגען זיינען מיר אונדזער ווירט נאָך שולדיק געבליבן עטלעכע הונדערט פראַנק. אין טעאַטער האָט מען מער נישט געקאָנט שפּילן, ווייל עס האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע רעגנס און בלאָטעס, אַז צום טעאַטער איז נישט געווען מעגלעך צוצו־קומען. איך האָב געמוזט איבערלאָזן אין דער אכסניא פאַר אַ משכון מיין טרופּע, וואָס איז באַשטאַנען, מ׳שטיינס געזאָגט, פון די בידנע צוויי (אויב איך מעג זיי אָנרופן) אַקטיאָרן, גראָדנער און גאָלדשטיין, און איך בין אַריינגעפאָרן קיין גאַלאַץ צו דינגען אַ לאָקאַל און באָרגן געלט צו באַציען אַהין מיין טרופּע.“

עס האָבן זיך אָנגעהויבן נייע, שווערע זאָרגן ווי אויסלייזן די טרופּע פון באָטישאַן און אַריבערפעקלען זי קיין גאַלאַץ. גאָלדפאַדענס פאַר־ערער מאַכן פאַרשיידענע אָנשטרענגונגען, — די צוויי פאַרמשכנטע אַקטיאָרן ווערן אויסגעקויפט און אַריבערגעשיקט צו גאָלדפאַדענען.

**7.**

אין דעם גאַלאַצער „האָטעל־צוקער“, וואוהין גאָלדפאַדען מיט זיין „אַנסאַמבל“ איז פאַרפאָרן, האָט זיך געפונען אַ גאַנץ־לאַנגער, שמאָלער

זאַל, וואו ס'איז געווען דער קאַפּע־רעסטאָראַן. אין דער טיף פון דעם סאַלאָן אין אַ ווינקל האָט גאָלדפאַדען איינגעאָרדנט אַ קליין פּראָוויזאָריש בינעלע פון פיר אַף פיר. ער האָט איינגעקויפט ברעטער, צו מאַכן אַ בריק, איינגעקויפט לייוונט צו מאָלן דעקאָראַציעס.

דאַרף מען דאָך האָבן אַ מאָלער צו מאָלן די דעקאָראַציעס. האָט גאָלדפאַדען געפּאַקט אויך אַ מאָלער.

איז אָט ווי א. גאָלדפאַדען דערציילט וועגן אים אין זיין אויטאָביאָגראַפיע:

„איך מוז אייך, מיינע ליבע לעזער, באַקאַנט מאַכן מיט אַן אינטערעסאַנטן פּערזאָן: מיט דעם געניאַלן מאָלער, וואָס האָט געלייגט דעם ערשטן פּינדזל אַף די דעקאָראַציעס פון אונדזער טעאַטער.

„מיין באַרימטער מאָלער האָט גראָד נישט געענדיקט די מאָלער־אַקאַדעמיע אין מינכען אָדער אין פּאַריז, און דאָך האָט ער געהאַט זיין ספּעציאַליטעט און איז געווען אַ קינסטלער צו קאַלכן הייזער... לויט זיינע קענטעניש אין דער מאָלער־קונסט איז ער נאָך געווען צו־יונג — ס'הייסט: ער האָט פאַרשטאַנען ווי אַ קינד. נאָר אַלט איז ער געווען ר' משה „באַס", קרוב באַ 60 יאָר; אַ געזונטער, מונטערער, גוטמוטיקער באַלעבאַטישער איד.

„ר' משה „באַס" האָט מען אים גערופן דערפאַר, ווייל ער פלעגט אַלע ימים־נוראים אונטערהעלפן חזנים מיט זיין באַס־שטימע.

„איך וואָלט אייך באַשריבן זיין פּנים, נאָר גראָד די אויבערשטע שענסטע טייל פון זיין קערפּער האָט פאַרדעקט זיין אומגעהויער־גרויסע „פושיסטע", געדיכטע באָרד פון קלאַטשע קאָליר, אַף וועלכער ער איז זייער שטאָלץ געווען. די באָרד האָט באַ אים אָנגעהויבן צו וואַקסן אונטער די אויגן, איר ברייטקייט האָט פאַרדעקט זיינע אַקסלען, זיין ברוסט, און דער שפּיץ האָט געגרייכט ביז אין גאַרטל. מען האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז ר' משה באַס האָט געגעסן, געטרונקען אָדער גערעדט. די אַלע שטעלעס האָט פאַרטראָטן די באָרד: די באָרד האָט געגעסן, די באָרד האָט גערעדט. נאָך מער — אפילו זיינע געדאַנקען, זיין טאַלאַנט, זיינע פאַנטאַזיעס זיינען אויך געלעגן אין דער באָרד.

„איך האָב געהייסן ר' משהן אויסמאָלן אַף אַ לייוונט אַן איינפאַך צימער פון געלער פאַרב. ר' משה איז באַלד אַריין מיט זיין בינטל פינגער שטאָלץ אין זיין געדיכטער באָרד, האָט זי עטלעכע קראַץ געטאָן, און עס איז באַלד פון דער באָרד אַרויס אַן אידייע.

„נאָך זיין קליאַטשע־פאַנטאַזיע איז אויסגעקומען, אַז כדי מען זאָל זיך אָנשטויסן, אַז דאָס וואָס ער האָט אויסגעקאָלכט מיט געלער פאַרב, איז אַ צימער, האָט ער אויסגעמאָלט דאָרט אַן אויוון. נאָר כדי מען זאָל זיך אָנשטויסן, אַז דאָס איז אַ קוימען, האָט ער פון קוימען אָנגעגרייזלט

אַ רויך פון גרינער פאַרב. נאָר אָנשטאָט וואָס אַרויף, האָט זיין פיזיקע אויסגעדרייט דער רויך זאָל אַראָפּגיין צוריק אין שטוב אַריין. ווען ער האָט מיט גרויס פרייד פון זיין בריהשאַפט אַ כאַפּ געטאָן מיט שטאָלץ די באָרד און אַ פרעג געטאָן, ווי ווייט מיך דאַרף איבערראַשן זיין פאַנטאַזיע, האָב איך אים געמוזט צוליב טאָן און צו זיין באַפרידיקונג אים געמוזט זאָגן, אַז ס'איז נישט שלעכט. נאָר פאַר איין זאַך, האָב איך אים געזאָגט, האָב איך מורא, אַז דערפאַר וואָס ער האָט דעם גאַנצן רויך אַריינגעלאָזט אין שטוב, האָב איך פחד, אַז מיר אַלע מיטן עולם זאָלן, חלילה, נישט פאַרטשאַדעט ווערן.

„ס'איז נאָר אַן אָנשטעל! — האָט ר' משה מיך באַרואיקט מיט אַ צופרידענעם קינסטלער־שמייכל.

„דערפאַר האָט מיר אָבער שפּעטער ר' משה באַצאָלט צוריק מיט אַ שענערן וויץ פון מיינעם. דער וואַלד־טאַבלאָ און די פאָר וואַלד־קוליסן האָב איך געמוזט אַליין צופּאַטשקען בכבודי ועצמי, ווייניקסטנס איז דער פאָנד געווען הימל־בלוי, די וואָרצלען פון דיביימער שוואַרץ־בראָנז און די בלעטער — אין צוויי ניואַנסן גרין. ר' משהן איז דאָס נישט געפעלן. ער האָט באַלד זיך צוויי קראַץ געגעבן אין דער באָרד און האָט שטאַרק קריטיקירט מיין מלאכה:

„איאָ, טרעפט וואָס פאַר אַ גרויסן פעלער איר האָט געמאַכט אין אייער וואַלד? — האָט ער מיך איראָניש אַ פרעג געטאָן, און נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, האָט ער באַלד ווייטער געזאָגט: — איאָ, איר ווייסט נישט?

„נו, וועל איך אייך זאָגן: אין אייער וואַלד פעלט אַ קרעטשמע, און אין דער קרעטשמע פעלט אַ גוט ביסל בראָנפן!

„און אין דעם האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן. נאָר אָפּקאָכן קליי און אויסמישן מיט דער פאַרב האָט ער נישט געפילט פאַר נויטיק. דערפאַר איז באַ יעדעס מאָל אַרויפציען און אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג, האָט זיך געשאָטן פון דעם אַ פאַרב פון קרייד און קאַלך, אַז מיר אַלע און דאָס פובליקום פון די ערשטע פלעצער, זיינען ווייס געוואָרן ווי באַשאָטן מיט שניי.

„די דעקאָראַציעס, ווי עס שיינט, — גיט צו גאָלדפאַדען, — האָבן דעמאָלט אויך האַרמאָניזירט מיט דער בינע, מיט די שפּילערס, מיט די פּיעסעס אינגאַנצן"...

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע חסרונות, האָט די פּיעסע „רעק־רוטן" געהאַט שטאַרק דערפאָלג אין גאַלאַץ, געצויגן אַ גרויסן עולם און איז געגאַנגען גאַנצע צען מאָל.

און ווידער איז געשטאַנען די פראַגע — „און וואָס ווייטער?" קיין אידישער טעאַטער־רעפּערטואַר איז נאָך דאַן נישט געווען. די עטלעכע

געציילטע דראַמעס, וואָס זיינען געווען אין דער אידישער ליטעראַטור, האָבן פאַרלאַנגט אַ גרויסן אַנסאַמבל, און זיי וואָלטן אין קיין פאַל נישט פאַרשטענדלעך געווען פאַר דעם אָפּגעשטאַנענעם עולם.

דערציילט א. גאָלדפאַדען אין זיין אויטאָביאָגראַפיע:

„אין דעם קליינעם שמאָלן צימערל פון האָטעל (אין גאַלאַץ), וואו ס׳זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, צוויי זעסיל און אַ טישל, האָט לאַזשירט דאָס גאַנצע טעאַטער־פּערסאָנאַל: דער דירעקטאָר מיט זיין „טרופּע"... מיר האָבן לאָזשירט צוזאַמען, געגעסן צוזאַמען, די קאַסע האָט באַצאָלט. האָט ווער גערדאַרפט האָבן מזומן געלט, האָט ער גענומען וויפל ער האָט באַדאַרפט, אָן חשבון, אָן רעכענונג, אַבי עס איז נאָר געווען... גראָדנער מיט גאָלדשטיינען זיינען געשלאָפן אין איין בעט, און איך — אין דעם צווייטן. נאָר איך ליג און שלאָף נישט. מיין קאָפּ איז אַלץ געווען באַשעפטיקט מיט דענקען: וואָס שפּילט מען ווייטער?

„ענדלעך האָט מען אויסגעקלערט אַזאַ מין שמאָכטע.

„פּאַפּיר, טינט און פעדער אין גראַד נישט געווען אין מיין צימער, נאָר כדי איך זאָל אַליין נישט פאַרגעסן ביז מאָרגן, וואָס איך האָב אויסגעקלערט, האָב איך אָנגעצונדן אַ ליכט, שנעל אויפגעוועקט מיינע חברים, און זיי באַלד דערציילט דעם אינהאַלט, אָדער ריכטיקער — איך האָב עס מיט זיי ביידע טאַקע באַלד איינגעשטודירט אויסנווייניק, מיר זאָלן עס ביז מאָרגן נישט פאַרגעסן"...

און „אויף מאָרגן — דערציילט א. גאָלדפאַדען — האָט שוין אַן אַפיש אַנאָנסירט דעם נייעם וואָדעוויל „דאָס בינטל האָלץ", וואָס איז טאַקע דעם זעלביקן אָוונט געשפּילט געוואָרן און שטאַרק אויסגענומען באַם עולם."

.8

אַט אַזוי זיינען געווען די ערשטע שריט פונעם נייעם יונגן אידישן טעאַטער. אָן קיין שום דערפאַרונג, אָן קיין שום מיטהעלפער, — איז יעדער טראַט פאַראויס אָנגעקומען זייער שווער. איינע פון די גרעסטע שוועריקייטן איז געווען דאָס, וואָס ס׳איז נישט געווען קיין פרוי, וואָס זאָל באַ זיך פועלן צו ווערן אַן אַרטיסטין. מען האָט אַמאָל יאָ באַקומען אַ מיידל — זי האָט אָבער מסכים געווען צו באַווייזן זיך אויף דער סצענע, אָבער נישט צו רעדן אַ וואָרט. איז אַ סברא, אַז גאָלדפאַדען האָט ספּע־ציעל פאַר איר אָנגעשריבן אַ פּיעסע „די שטומע כלה". ערשט אין דער שטאָט גאַלאַץ געלינגט גאָלדפאַדענען אויפצוזוכן אַ יונג מיידל פון 16 יאָר. אָבער אַזוי ווי איר מוטער האָט מורא געהאַט זי צו לאָזן פאָרן

אַליין מיט מענער, האָט מען געשלאָסן אַ שידוך צווישן איר און דעם אַקטיאָר שכר גאָלדשטיין.

און איצט, אַז ער האָט שוין באַקומען אין זיין טרופּע אויך אַ פרוי, האָט גאָלדפאַדען אויפגעלעבט. און ער דערציילט אַף זיין הומאָריסטישן אופן, אין זיין אויטאָביאָגראַפיע: „איך קאָנט איך גאַרנישט פאָרשטעלן ליבע לעזער, ווי איך האָב מיך דעמאָלט מחיה געווען מיט — נישט מיט דער מויד, נאָר מיט דער אידייע פון דעם נייעם שטיק, וואָס מיר איז איינגעפאַלן צו שרייבן."

די נייע פּיעסע האָט געהייסן „די אינטריגע, אָדער דוואָסי די ספּלעטניצע" (פליאָטקע־מאַכערין).

עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען די „פּערזאָנען", וואָס זיינען געווען אין אָט דער דראַמע. י אָ ז ע ף, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 32 (אויסגעפירט דורך גראָדנער); ר ח ל ע, זיין פרוי, אַ יונג ווייבל פון 22 יאָר (שרה־סאָפיע גאָלדשטיין־קאַרפּ); ד ו ו א ס י, זייער שכנה, אַ אידענע פון אַ יאָר 35 — (שכר גאָלדשטיין). ס'זיינען געווען אין דער פּיעסע נאָך דריי קלענערע ראָלן, — אָבער פּאָר די ראָלן האָט מען געפּאַקט סטאַטיסטן (אינגלעך), וואו נאָר ס'האָט זיך געלאָזט.

דאָ, אין גאַלאַץ, האָט זיך שוין דער טעאַטער אַרויפגעשלאָגן אַף אַ וועג. דער עולם איז געווען צופרידן, און אויך גאָלדפאַדען איז געווען קאָנטענט. „גאַלאַץ, קען איך זאָגן, — דערציילט א. גאָלדפאַדען, — איז די ערשטע שטאָט אַף אונדזער רייזע, פון וועלכער מיר זיינען אַרויס־געפאָרן בשלום. דאָס הייסט: אויסער אַלע שפּעזן, וואָס מיר האָבן געהאַט אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט, בעלי־חובות באַצאָלט, געמאַכט די בינע, און די גרויסע סומע, וואָס די ערשטע פּרימאַדאָנע, די כלה, האָט אונדז געקאָסט, האָבן מיר נאָך יעדער במזומן אַ פּאָר פראַנק אין קעשענע."

דאָ, אין גאַלאַץ, האָט מען שוין געשפּילט אין אַ פיינעם טעאַטער, און די פאָרשטעלונגען האָבן אויסגענומען אויך בא דער רומענישער פּרעסע. ס'זיינען אויך געקומען אַקטיאָרן פון רומענישן טעאַטער און געווען זייער צופרידן פונעם שפּילן.

נאָך גאַלאַץ איז געקומען בראַילאַ, — שוין נישט מיט אַזאַ דער־פאָלג ווי אין גאַלאַץ. און דערנאָך איז גאָלדפאַדען אַריינגעפאַלן קיין בוקאַרעשט. עס איז געווען נאָך פּסח 1877.

דאָ, אין בוקאַרעשט, שפּילט א. גאָלדפאַדען אין איין זאַל, אין אַ צווייטן און דערנאָך אין אַ טעאַטער. אין בוקאַרעשט וואַקסט זיך פאַ־נאַנדער די טרופּע, און גלייכצייטיק זיינען אויך שטאַרק אויסגעוואַקסן די מאַטעריעלע באַדערפענישן פון דער טרופּע. איצט באַדאַרף מען שוין

האָבן אַ ברייטערן קרייז צושויער, וואָס זאָל אַריינברענגען גרעסערע סומעס אין קאַסע.

פונקט אין יענער צייט הויבט זיך אָן דער רוסיש־טערקישער קריג, און רומעניע קומט אויס צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער מלחמה. רומעניע ווערט די באַזע, פון וואַנעט עס ווערט צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאַר דער רוסישער אַרמיי. בוקאַרעשט איז געוואָרן דער צענטער פון די מיליטער־אַנשטאַלטן מיט די פאַרשיידענע אַרמיי־צושטעלער.

„פון רוסלאַנד האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קיין רומעניע מחנות מענטשן אין דער האָפענונג צו פאַרדינען אַ לייכטן רובל"... און זיי האָבן זיך טאַקע נישט אָפּגענאַרט. אין אַ קורצער צייט זיינען דאָרט אָרעמעלייט געוואָרן רייך, און געלט וואָס מ'פאַרדינט לייכט, גיט מען גרינג אויס. דער גאָלדפאַדען־טעאַטער האָט געהאַט אַ גלענצנדיקן באַדן. דער אָנגע־לאָפענער, רייך־געוואָרענער עולם האָט זיך געריסן צו פאַרוויילונגען. „מען האָט געשפּילט פאַר געפּאַקטע הייזער, און אין טעאַטער איז געווען אַ גרויסע שפע. פון ליידיקע בענקלעך האָט מען שוין מער נישט גע־וואוסט, און די אַקטיאָרן האָבן פאַרגעסן די הונגעריקע טעג. דאָס פּובליקום האָט אויך באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. אַנשטאָט וואָס ביז איצט זיינען די באַזוכער געווען נאָר פון די סאַמע נידעריקע שיכטן, האָט מען שוין איצט געקאָנט דאָ זען דעם פיינעם היימישן באַלעבאָס, דעם משכיל, און דאָס טעאַטער ווערט אין אַ קליינעם מאַסשטאַב אַן אינסטיטוציע פון דעם גאַנצן פאָלק... די פּזמונים און טענצלעך, מיט וועלכע די ערשטע שטיקער זיינען געווען דורכגעפּלאָכטן, זיינען פאַר־שטענדלעך און צוגעצויגנלעך פאַר אַלעמען, בפרט ווען די האַנדלונג איז דורכאויס פונעם אידישן לעבן, און די לאַנגע קאַפּאָטעס און בערד מיט פּאָלעס זיינען גוט באַקאַנט דעם רוסישן אידן." (ב. גאָרין „די געשיכטע פונעם אידישן טעאַטער".)

ווי געזאָגט, האָט א. גאָלדפאַדען אין בוקאַרעשט פאַרשטאַרקט זיין טרופּע מיט נייע אַקטיאָרן. אויב זיינע ערשטע צוויי אַקטיאָרן האָבן געשטאַמט פון פאָלקס־זינגער, זיינען איצט צוגעקומען נייע אַרטיסטן פון צווישן די משוררים בא חזנים. באַם באַוואוסטן בוקאַרעשטער חזן קופּער זיינען געווען זינגער זעליג מאָגולעסקאָ, לייזער צוקערמאַן, משה זילבערמאַן. מאָגולעסקאָ, דעמאָלט אַ אינגל פון אַ יאָר זיבעצן, און צו־קערמאַן, מיט אַ יאָר צוויי עלטער, האָבן גלייכצייטיק אויך געזונגען אין אַ קירך. פאַרשטייט זיך, נישט דער חזן און נישט די באַלעבאַטים האָבן דערפון נישט געטאָרט וויסן. זיי האָבן אויך שוין געהאַט גע־לעגנהייטן צו זינגען אַלס כאָריסטן אין אָפּערעס. א. גאָלדפאַדענען זיינען שטאַרק געפעלן געוואָרן אָט די משוררים, און ער האָט זיי איינ־געלאַדן, זיי זאָלן מיטשפּילן אין דער טרופּע. אָבער דאָ האָט זיך אָנגע־

הויבן צווישן די באַלעבאַטים אַ גרויסער טומל, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט אָפּגעזאָגט דעם חזן קופּער, וועלכער פלעגט אויך באַזוכן דעם אידישן טעאַטער.

פאַרמאָגנדיק שוין אַ גרעסערן אַנסאַמבל, האָט שוין גאָלדפאַדען געהאַט די מעגלעכקייט צוצוגרייטן און צו פאַרפאַסן גרעסערע פּיעסעס.

עס איז אינטערעסאַנט, וואָס ב. גאָרין, דער געשיכטע־שרייבער פונעם אידישן טעאַטער, דערציילט וועגן דעם אויפקום פון גאָלדפאַדענס באַרימטער פּיעסע „שמענדריק".

„באַם פאַרהער (באַ גאָלדפאַדענען) האָט מאָגולעסקאָ פאָרגעשטעלט אַ סצענע פון דעם רומענישן שטיק „וולאַדוצו מאַמו", און דאָס איז געווען דער אָריגינאַל פון דער צוקונפטיקער פּיעסע „שמענדריק". גאָלד־פאַדענען איז געוואָען אַזוי געפעלן די פאָרשטעלונג, אַז ער האָט נישט נאָר צוגענומען מאָגולעסקאָן אין זיין טרופּע, נאָר ער האָט אים אויך צוגעזאָגט, אַז ער וועט לאָזן דאָס שטיק איבערזעצן און דערפון וועט ער מאַכן אַ אידישע קאָמעדיע פאַר אים"... אָט די קאָמעדיע איז געוואָרן איינע פון די פּאָפּולערסטע פּיעסעס אין דעם אידישן טעאַטער.

דער גרויסער דערפאָלג, וואָס א. גאָלדפאַדען האָט געהאַט מיט זיין טעאַטער אין בוקאַרעשט, האָט געבראַכט דערצו, אַז ס׳האָבן מיט־אַמאָל אָנגעהויבן אויפקומען אַנדערע אידישע טרופּעס.

דערצו האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריג צווישן די אַקטיאָרן, — די שטענדיקע פּלאָג אינעם אידישן טעאַטער ביז אַף היינטיקן טאָג. דער דערפאָלג פון ז. מאָגולעסקאָ, באַזונדערס אין דער הויפּט־ראָלע פון „שמענדריק" רופט אַרויס אומצופרידנקייט באַ גראָדנערן. ער איז זיך מתקנא אין זיין קאָלעגע און ער פאַרלאַנגט פון גאָלדפאַדענען, ער זאָל פאַר אים אָנשרייבן אַ פּיעסע. גאָלדפאַדען זעצט איבער קאָצעבויס אַ פּיעסע אונטער דעם טיטל „דאָס ווילדע אינדזל". אָבער אויך אין דער פּיעסע נעמט מאָגולעסקאָ שטאַרק אויס. די קנאה־שנאה וואַקסט אַלץ מער. גראָדנער גייט אַוועק פון דער טרופּע. ער ווערט אַ קאָנקו־רענט פון א. גאָלדפאַדען, ער גרינדעט זיין אייגענע טרופּע. גאָר אינ־גיכן נעמט ער אַריבער צו זיך מאָגולעסקאָן.

די נייע גראָדנער־טרופּע נויטיקט זיך אין רעפּערטואַר. באַזאָרגט זי זיך מיט אַן אייגענעם פּיעסע־שרייבער. דאָס איז געווען י. לאַטיינער, וואָס האָט שפּעטער פאַרפאַסט אַ סך מעלאָדראַמאַטישע שטיק. באַלד געפינט זיך אַ צווייטער, משה הורוויטש (שפּעטער באַקאַנט אַלס „פּראָ־פעסאָר איש הלוי הורוויטש"). ער האָט זיך געעפנט אַ אידיש טעאַטער אין בוקאַרעשט. אָבער די קאָנקורענטן זיינע קאָנען אים נישט ביישטיין. אַף וויפל דער דערפאָלג אין רומעניע איז געווען גרויס, באַווייזט דער פאַקט, וואָס עס דערשיינט אפילו אַ באַזונדער ביכל אין אידיש וועגן

גאָלדפאַדענס טעאַטער. דאָס ביכל טראָגט דעם נאָמען „במת יצחק״, געשריבן פון איינעם ג. אַבראַמסקי, און עס איז אַ לויב־געזאַנג דעם אידישן טעאַטער.

ווענן די גלענצנדיקע געשעפטן פונעם אידישן טעאַטער אין בוקאַ־רעשט דערציילט אויך ב. גאָרין: „די שפע איז געווען גרויס אין אי־דישן טעאַטער אין דער דאָזיקער צייט... דער דירעקטאָר און די אַק־טיאָרן האָבן זיך ממש געבאָדן אין כל־טוב... די שפע איז נישט נאָר געווען אין בוקאַרעשט; אין יעדער היפּשער שטאָט, וואוהין גאָלדפאַדען איז געקומען גאַסטראָלירן מיט זיין טרופּע, איז דאָס טעאַטער געווען געפּאַקט. אין גאַלאַץ האָבן זיך צוויי אונטערנעמער אַרויסגערופן צו בויען אַ טעאַטער ספּעציעל פאַר גאָלדפאַדענען. דאָס איז שוין געווען אין די לעצטע חדשים פון קריג.״

## 9.

אָבער אָט די גאָלדענע צייט פאַרן אידישן טעאַטער געדויערט נישט לאַנג. ווי נאָר די מלחמה צווישן רוסלאַנד און טערקיי האָט זיך געענדיקט, האָט דער אַנגעלאָפענער אידישער עולם אין בוקאַרעשט גענומען זיך צוריקקערן, און דער גאָלדענער מבול האָט אויפגעהערט. ס׳קומען אָן שלעכטע צייטן פאַרן אידישן טעאַטער. איין טרופּע נאָך דער אַנדערער פּלאַצן, און גאָלדפאַדען הויבט אָן צו טראַכטן וועגן אומקערן זיך קיין רוסלאַנד, קיין אָדעס.

אָבער אַף הוצאות איז נישטאָ, פאַרזעצט גאָלדפאַדען זיין גאָלדענעם רינג, און פאַר פּסח 1879 לאָזט ער זיך אַליין קיין אָדעס, דערווייל אָן דער טרופּע.

ווען א. גאָלדפאַדען איז געקומען קיין אָדעס, זיינען עטלעכע הונ־דערט מענטשן געקומען צום וואָקזאַל אים מקבל פּנים זיין. גאָר גיך באַ־קומט מען געלט און מ׳ברענגט אַראָפּ קיין אָדעס די גאַנצע טרופּע, וואָס באַשטייט פון אַ פערציק פּערזאָן, — די אַקטיאָרן מיט זייערע פאַ־מיליעס, אייניקע מוזיקאַנטן, ווי אויך בעלי־חובות, וואָס פאָרן־מיט אויפצומאָנען זייער געלט.

אָנהויב אַפּריל האָט די גאָלדפאַדען־טרופּע אָנגעהויבן צו שפּילן (אין „האַנטווערקער־קלוב״) „קאָלדוניאַ״ (די כישופמאַכערין), וואָס האָט אָן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. די בילעטן אַף די ערשטע פאָרשטע־לונגען זיינען אויספאַרקויפט געוואָרן מיט עטלעכע טעג פריער. ס׳איז געווען אָן איבערראַשונג און אַ סענסאַציע. ווער האָט עס געקאָנט חלומען, אַז אַזוי שנעל זאָל זיך צעוואַקסן אַ אידיש טעאַטער, מיט אי־דישע אַקטיאָרן, מיט אָריגינעלע אידישע פּיעסעס! ס׳האָט געשטראָמט

אין אידישן טעאַטער אַ פאַרשיידנאַרטיקער עולם. יעדער איינער האָט גענומען פונעם טעאַטער וואָס אים האָט זיך געוואָלט. דער ברייטער עולם האָט זיך זייער גוט געוויילט און געלעקט די פינגער פון דעם געזאַנג, פון די טענץ, און ברייט און האַרציק געלאַכט. און אַ טייל פון די משכילים איז צופרידן געווען, וואָס אין טעאַטער ווערט געחוזקט פון די פרומאַקעס.

צוליב דעם גרויסן דערפאָלג גייט גאָלדפאַדען מיט זיין טרופּע אַריבער פון דעם האַנטווערקער־קלוב אין גרויסן מאַריען־טעאַטער. די פאָרשטעלונגען ציען צו נאָך אַ גרעסערן עולם. גאָלדפאַדען האָט דער־גרייכט די העכסטע מדרגה פון דערפאָלג. דער נאָמען פון גאָלדפאַדען און פון זיין טעאַטער איז געוואָרן זייער באַרימט. ס'האָבן זיך צו אים געצויגן באַגאַבטע, טאַלאַנטפולע יונגעלייט פון אַלע זייטן. „אין פאַר־שיידענע שטעט און שטעטלעך פון דרום־רוסלאַנד, וואו מען האָט מיט אַ 15 יאָר צוריק געזונגען גאָלדפאַדענס יוגנטלעכע לידער, האָט מען איצט, מיט נייגעריקייט און מיט צוטרוי צום נאָמען גאָלדפאַדען, אויפ־גענומען די ידיעה וועגן דעם, אַז ער האָט געגרינדעט אַ אידישן טעאַ־טער. „ווער עס האָט געהאַט אַ פונק פון טעאַטער־ליבע אין האַרצן", דער האָט זיך געלאָזט קיין אָדעס אָנצוקוקן אַליין דעם וואונדער.

גאָלדפאַדען האָט זיך באַמיט אויסצונוצן אָט די פאַראינטערעסירט־קייט. ער האָט אויסגעטיילט אייניקע אַקטיאָרן פון זיין טרופּע, און אונטער דער אָנפירונג פון זיין ברודער נפתלי, האָט ער זיי אַרויסגעשיקט איבער פאַרשיידענע שטעט. אָבער אָט די טרופּע האָט נישט געהאַט נישט קיין קינסטלערישן און נישט קיין מאַטעריעלן דערפאָלג.

עס קומען אויך אויף פאַרשיידענע אַנדערע טרופּעס אין אָדעס, זיי לאָזן זיך שפּעטער אין אַנדערע שטעט. עס גייט אַוועק אַ שטאַרקע קאָנקורענץ. אַקטיאָרן גייען איבער פון איין טרופּע אין דער אַנדערער, און א. גאָלדפאַדענען קומט אויס אָנצואווענדן פיל ענערגיע, כדי אויפ־צוהאַלטן זיין נאָמען און זיין טעאַטער. ער באַמיט זיך כסדר צו באַריי־כערן זיין רעפּערטואַר, און ער רייסט אָפּ צייט צו פאַרפאַסן אַ נייע פּיעסע. ער פאַרפאַסט דאַן זיין „שולמית", — איינע פון די שענסטע זאַכן אין זיין רעפּערטואַר, — אויך די קאָמעדיע „דיביידע קוני לעמלס" א. אַ. די אַנדערע קאָנקורענץ־טרופּעס שאַפן זיך איין פּיעסעס באַ לאַטיינערן, שייקעוויטשן (שמ"ר) און י. י. לערנער. אין דער רוסיש־אידישער, רוסישער און אידישער פּרעסע פון יענער צייט געפינען מיר פיל באַשרייבונגען, שילדערונגען, עפּיזאָדן און קוריאָזן וועגן דעם לעבן פון דעם אידישן טעאַטער אין רוסלאַנד.

א. גאָלדפאַדען באַקומט דאַן אין פּעטערבורג אַ דערלויבעניש אַף

זיין טעאַטער, און אין משך פון די קומענדיקע צוויי יאָר, 1880—1882, באַזוכט ער מיט זיין טרופּע פיל שטעט אין רוסלאַנד.

דער אידישער מאַסן־עולם נעמט־אויף דעם טעאַטער מיט גרויס פרייד און אַנטציקונג, ער פילט זיך דאָרט גאָר היימיש, אייגן. גאָר אַנדערש איז מיט די אידישע אַסימילירטע קרייזן און אַ טייל פון די השכלה־טוער. דער אידישער טעאַטער מיט דער לעבעדיקער אידישער שפּראַך האָט זיי פאַרשאַפט עגמת־נפש און פיל זאָרגן. זיי לאָזן נישט דורך קיין געלעגנהייט אָפּצושפּאָטן, אָפּצוחוזקן פון אים און אים מאַכן צו נישט. און אַזוי גייט כסדר גאָלדפאַדענס ווייטערדיקע רייזע: פון איין זייט — געוואַלדיקע התפעלות פון דעם ברייטן אידישן פּובליקום, און פון דער אַנדערער זייט — ביטול, איראָניע און ציין־קריצעניש. דאָ טראָגט מען צו גאָלדפאַדענען אַן אַדרעס, פול מיט לויב־געזאַנגען און פאַרערונג, און דאָ — שיקט מען אים נאָך אַ קאָרעספּאָנדענץ אין אַ רוסיש־אידישער צייטונג, אַז ער פאַרדאַרבט דעם געשמאַק פון פּראָסטן המון.

אַפּריל, 1881, ברעכן אויס אין דרום־רוסלאַנד די מוראדיקע אידישע פּאָגראָמען. די אידישע באַפעלקערונג אין די דאָרטיקע שטעט און שטעטלעך האָט פיל געליטן, און גאָלדפאַדענס טעאַטער, וואָס האָט גע־האַט די לעבעדיקסטע באַהעפטונג מיט די אָרעמסטע שיכטן, האָט גלייך געמוזט דערפילן די אָנגעקומענע פאַראָרעמונג און רואינירונג פון די אידישע מאַסן... גאָלדפאַדענס טרופּע ציט זיך איבער אין יענע געגנטן, וואָס זיינען געווען מער זיכער פון דער פּאָגראָם־כוואַליע.

זומער 1881 קומט אָן גאָלדפאַדען מיט זיין טרופּע קיין פּעטער־בורג, וואו ער הויבט אָן צו שפּילן. דאָ טרעפט ער זיך מיט אַן אַנדער עולם און מיט אַן אַנדער געשמאַק. אויך גאָלדפאַדען גופא האָט זיך אַביסל געענדערט. ער האָט שוין גענומען רעדן מיט גרינגשאַצונג וועגן זיינע פריערדיקע ווערק. „דער פאַלקסטימלעכער קאָמיזם — שרייבן נ. אויסלענדער און אַ. פינקעל — פון זיינע פריערדיקע פּיעסעס, וואָס גייען אַזוי גרינג איבער פון סאָציאַלער סאַטירע צו וואָדעוויל און פאַרס, די אויסלאַכונג פון די נעגאַטיווע געשטאַלטן פון אידישן לעבן־שטייגער, וואָס איז ביז־אַהער געווען דער לעבעדיקער נערוו פון גאָלדפאַדענס טעאַטער־שפּיל, — דאָס אַלץ האָט איצט גלייך ווי אָנגעוואוירן אין גאָלדפאַדענס אויגן די באַרעכטיקונג"... יעדנפאַלס אַזוי האָט ער גע־וואָלט דאָס אויסמאָלן אין זיין אינטערוויו, וואָס ער האָט געגעבן אַ פּאָרשטייער פון רוסיש־אידישן „ראַזסוועט", וואָס האָט נישט־איבעריק פריינטלעך אויפגענומען דעם „זשאַרגאָנישן" טעאַטער.

אין עטלעכע חדשים אַרום, פעברואַר 1882, לאָזט זיך גאָלדפאַדען מיט דער טרופּע ווידער איבער רוסלאַנד, ער שפּילט אין פאַרשיידענע

שטעט, ביז ער דערקלייבט זיך ענדלעך קיין אָדעס. פאַר דער צייט פאַרפאַסט א. גאָלדפאַדען עטלעכע נייע היסטאָרישע פּיעסעס: „דאָקטאָר אַלמאַסאַדאָ", „יהודה המכבי" און לסוף זיין באַרימט מוזיקאַליש ווערק „בר־כוכבא" (די לעצטע צוערשט אויפגעפירט אין מאַי 1883).

אָט דער נייער קער פון א. גאָלדפאַדען צו היסטאָרישן שטאָף, איז וואַרעם באַגריסט געוואָרן דורך דער רוסיש־אידישער פּרעסע. דער „רוסקי יעוורעי" האָט אָט־וואָס געשריבן נאָך דער ערשטער פאָרשטע־לונג פון דער היסטאָרישער אָפּערעטע „דאָקטאָר אַלמאַסאַדאָ": „די אויפפירונג פון דער נייער פּיעסע באַגריסן מיר אַלס אַ שריט פאָראויס און לכל־הפּחות אַלס אַ פריידיקע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון יונגן אידישן טעאַטער. דער אידישער טעאַטער, וואָס עקזיסטירט אַזאַ קורצע צייט, האָט שוין געמוזט אויסהערן אַזוי פיל פאָרוואורפן, אַז עס האָט זיך שוין געשאַפן וועגן דעם אַ גאַנצע ליטעראַטור. דער אידישער טעאַטער פאַרדאַרבט דעם געשמאַק, ער פאַרשפּרייט לייכטזיניקייט — זאָגן אייניקע; פון דער צווייטער זייט האָט מען געהערט קלאָגן זיך אויף דעם פּובליקום, אַז עס האָט חשק נאָר צו קאָמישע סיוזשעטן. קאָן זיין, אַז גערעכט זיינען אי דער, אי יענער צד. אַלנפאַלס, האָט א. גאָלדפאַדען מיט דער אויפפירונג פון דער נייער פּיעסע... געטאָן זייער גוט, ווייל ער האָט זיך גענומען עקספּלואַטירן די אידישע געשיכטע"...

און אָט קומט די קאַטאַסטראָפע, וואָס איז געווען פאַטאַל פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם אידישן טעאַטער און אויך פאַר דעם לעבן פון איר גרינדער און שאַפער, א. גאָלדפאַדען, דאָס איז — **דער פאַרבאָט פונעם אידישן טעאַטער אין רוס־לאַנד.**

דעם 14טן פעברואַר 1883 איז עס געשען:

עס איז אַרויס אַ באַפעל, וואָס האָט פאַרווערט די אידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין צאַרישן רוסלאַנד. דער פאַרבאָט איז געווען אַ רע־זולטאַט פון דער העצע, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן דעם אידישן גאָלדפאַדען־טעאַטער פון פאַרשיידענע זייטן. אַ האַנט האָבן מסתמא אויך געהאַט די פאַרביסענע שונאים־קאָנקורענטן פון גאָלדפאַדענען. מ'האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר מסירות אין די הויכע פענצטער. די שיינע אַרבעט האָט געבראַכט „פּרוכט", — דער אידישער גאָלדפאַ־דען־טעאַטער איז צעבראָכן געוואָרן אין סאַמע אָנהויב פון זיין בליען און וואַקסן.

### 10.

נאָך עטלעכע יאָר רווישיק־ראַשיק טעאַטער־לעבן, הויבט זיך אָן

באַ א. גאָלדפאַדענען אַ נייער שווערער און טרויעריקער פעריאָד. אַרויס־געריסן פון דער טעאַטער־וועלט, מיט וועלכער ער איז מיט לייב און לעבן געווען געבונדן, אַנגעוואוירן די מעגלעכקייט ווייטער פאָרצוזעצן דאָס שפּילן, נעמט ער זיך נאָך אַ הפסקה פון צען יאָר ווידעראַמאָל צו דער אָרעמער ליטעראַרישער טעטיקייט. ער גיט אַרויס אין אָדעס (אין 1883) אַ זאַמלונג אידישע פאָלקס־לידער, „הומאָריסטישע און ערנסטע" אונטערן נאָמען „דאָס פידעלע". ער הויבט אָן אַרויסצוגעבן זיינע דראַמאַטישע ווערק, וואָס ער האָט ביז־אַהער אויפגעפירט אין טעאַטער. עס דערשיינט אויך (אין 1884) זיינע אַ לידער־זאַמלונג „ישראליק", וואו עס זיינען אויפגעקליבן לידער פון זיינע פּיעסעס, — אָנגעהויבן פון „רעקרוטן" ביז „בר־כוכבא". אָבער אין דער אידישער ליטעראַרישער וועלט איז אים ענג, און ווי נאָר עס שאַפט זיך אַ מעג־לעכקייט זיך צוריקקערן צו דער בינע, רייסט ער זיך אָפּ פון דער ליטעראַטור און לאָזט זיך ווידער צום טעאַטער.

אין יאָר 1885 קומט גאָלדפאַדען קיין וואַרשע, וואו ער הויבט אָן פונסניי זיין טעאַטער־טעטיקייט. ער לייגט פאַנאַנדער זיינע טעאַ־טער־געצעלטן, אונטער דעם נאָמען „אידיש־דייטש־טעאַטער". ער שפּילט זיין פריערדיקן רעפּערטואַר, און אייניקע פּיעסעס נעמען שטאַרק אויס און גייען פיל מאָל. „שולמית", למשל, גייט איבער 150 מאָל. ער שפּילט דאָ מיט אַ גאַנץ־פיינער טרופּע אין דעם טעאַטער „בוף", (שפּעטער — „עלדאָראַדאָ", און „באַגוסלוואַסקי־טעאַטער"), מיט אַן אָר־קעסטער און מיט אַ כאָר. זיינע פאָרשטעלונגען ציען צו אַ גרויסן טעאַטער־עולם. גאָלדפאַדען שפּילט דאָ אין די יאָרן 1885־1887, ער פאָרט אַראָפּ קיין לאָדזש און אפשר אויך אין אַנדערע שטעט אין פּוילן. אָבער אָט די פּאָר יאָר גיבן ווייניק־וואָס צו צו זיינע פריערדיקע סצענישע און דראַמאַטורגישע אויפטוען. צי גאָלדפאַדען איז שוין געווען אויסגע־שעפּט, אָדער עס דערקלערט זיך מיט דעם פאַרבאָט צו שפּילן אידיש טעאַטער, וואָס איז געהאַנגען כסדר ווי אַ חלף אָפן האַלדז? ווער ווייסט! אָבער גאָלדפאַדען האָט דאָ קיין פיל נייעס נישט אויפגעטאָן. עס האָט זיך אָפּגעטאָן באַ אים די פריערדיקע מונטערקייט און דראַנג צו שאַפן נייעס. ער ווערט שוין אויך נישט באַווירקט פון דעם אַרומיקן לעבן ווי פריער. אין די אַלע ערטער, וואו ער האָט געלעבט, האָט ער גע־שאַפן פּיעסעס פון דער אַרומיקער סביבה (אין די „צוויי קוני־לעמלס" האָט ער געגעבן די לעמבערגער סביבה, אין „דער פאָדריאַטשיק" — די בוקאַרעשטער סביבה, אין אייניקע פּיעסעס — די אָדעסער סביבה). אַנדערש איז אין וואַרשע. דאָ האָט זיין אייגענער שאַפונגס־קוואַל ווי אויפגעהערט צו שלאָגן. ער שפּילט אַלץ פּיעסעס פון פריער, ער האָט אָנגעוואוירן דעם חשק אָפּ נייע פאַרמעסטונגען. דערצו זיינען איצט

צוגעקומען „פריש־געבאַקענע" פּיעסעס פון לאָנדאָן און ניו־יאָרק, עס האָבן זיך באַוויזן פאַרשיידנערליי אַרטיסטן־קאָנקורענטן. גאָלדפאַדען באַשליסט פאַרלאָזן רוסלאַנד און צו פאָרן קיין אַמעריקע. פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר האָט אידיש טעאַטער באַוויזן זיך איינצואוואָרצלען אין דער נייער וועלט, דאָרט האָבן איצט געשפּילט זיינע אַמאָליקע שילער, האָט ער געלייגט גרויסע האָפענונגען אַף אַמעריקע.

אין אַמעריקע קומט אים אויס איבערצולעבן גרויסע אַנטוישונגען. ער האָט דאָרט נישט באַקומען דעם קבלת־פּנים, וואָס ער האָט כשר פאַרדינט און וואָס ער האָט דערוואַרט.

אין אַמעריקע איז דאָס אידישע טעאַטער אויפגעקומען ערשט מיט אַ פינף יאָר צוריק, אָבער פאַר דער קורצער צייט האָט עס באַקומען אַן אייגענעם אויסזען און כאַראַקטער. די גאָלדפאַדענישע פּיעסעס זיינען שוין פיל מאָל געשפּילט געוואָרן טאַקע דורך די גאָלדפאַדענישע אַק־טיאָרן, וואָס האָבן באַוויזן זיך אַראָפּצוכאַפּן קיין ניו־יאָרק מיט עטלעכע יאָר פריער, און ווען גאָלדפאַדען איז אין יאָר 1887 געקומען אַהין צופאָרן, האָבן שוין זיינע תלמידים זיך פעסט איינגעבירגערט אין דעם דאָרטיקן לאַנד, און זיי האָבן נישט געהאַט קיין חשק אָפּצוטרעטן גאָלד־פאַדענען זייערע שווער־פאַרהאָרעוועטע פּאָזיציעס אינעם טעאַטער. איי־ניקע אַקטיאָרן האָבן זיך פּשוט דערשראָקן.

דוד קעסלער דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז גאָלדפאַדען האָט דאַן אָפן און קלאָר געזאָגט, אַז ער וועט נישט גיין אין אַ פרעמדן טעאַ־טער, ער מוז האָבן זיין א י י ג ן טעאַטער, וואו ער וויל זיין דער באַלעבאָס, דער פירער. „דערהערט אַזעלכע ווערטער, האָבן מיר אַלע, די גרויסע, ווי די קליינע, זיך דערשראָקן און זיך צוזאַמענגעקליבן, ווי אַ סטאַדע שעפּסן, ווען זיי דערזעען אַ וואָלף אָנקומענדיק". אין ניו־יאָרק האָבן שוין דאַן געוועלטיקט די פּיעסע־פאַרפאַסערס מיט לאַ־טיינער און הורוויץ אין דער שפּיץ. האָט זיך אַזוי געפירט דער קאַמף אַרום גאָלדפאַדענען, ביז די אַקטיאָרן האָבן פאַרשטרייקט. אָדער ז י י, אָדער גאָלדפאַדען. די טעאַטער־דירעקציע האָט אויסגעקליבן גאָלדפאַ־דענען. האָט מען צונויפגעשטעלט אַ טרופּע פון צווייטראַנגיקע אַקטיאָרן, און גאָלדפאַדען איז צוגעטראָטן צו שטעלן זיין אָפּגעשפּילטן רעפּערטואַר, אָבער אָן דערפאָלג. האָט עס נישט לאַנג אויסגעהאַלטן. גאָלדפאַדען האָט געפּרואווט דאָס מזל אויף דער פּראָווינץ, אָבער אויך דאָרט איז ער דורכגעפאַלן. גאַר גיך איז גאָלדפאַדען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פונעם טעאַטער, און באין־ברירה האָט ער זיך ווידעראַמאָל גענומען צו ליטעראַטור.

ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין ניו־יאָרק אַ הומאָריסטיש צוויי־וואָכנבלאַט: „ניו־יאָרקער אילוסטרירטע צייטונג". אין אָט דער

ציטונג פאַרעפנטלעכט גאָלדפאַדען צווישן אַנדערע זיין אויטאָביאָגראַ־פיע, וואו די געשיכטע פון זיין טעאַטער איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך פאַרשיידענע עפּיזאָדן. אָבער דער נייער פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ ציטונג אין ניו־יאָרק גיט זיך אים נישט איין, און אין יולי 1888, מיטן נומער 17, מוז ער אָפּשטעלן די ציטונג. ער גיט זיך נאָך אַלץ נישט אונטער, ער גרינדעט אין ניו־יאָרק אַ פאַראיין „ליראַ" מיט אַ דראַמאַטישער שול, וואו ער גיט לעקציעס פון מוזיק און פון שפּילן טעאַטער. אָבער דאָס אַלץ באַפרידיקט נישט גאָלדפאַדענען.

פאַרצווייפלט און דערדריקט, בלייבט אים קיין אַנדער ברירה נישט, ווי צו נעמען ווידעראַמאָל דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט און זיך לאָזן צוריק קיין אייראָפּע. אַנהויב 1889 איז שוין גאָלדפאַדען אין לאָנדאָן. אויך דאָ, אין לאָנדאָן, קומט ער צום אידישן טעאַטער. ער טרעפט דאָ זיין תלמיד יעקב פּ. אַדלער. מען קאָן האָפן, אַז זיי וועלן צוזאַמען מיט געמיינזאַמע כוחות זיך נעמען צו דער אַרבעט. אָבער אויך דאָ זיינען ווידער דאָ שטערונגען פאַר אַ בשותפותדיקער אַרבעט. עס ווערן געשאַפן צוויי באַזונדערע טעאַטערס, אוןביידע האָבן קיין דערפאָלג נישט. נאָך עטלעכע חדשים זיין אין לאָנדאָן, מוז גאָלדפאַדען פאָרן קיין פּאַריז.

אָקטאָבער 1889 שרייבט גאָלדפאַדען צו שלום־עליכמען: „ווי איר זעט, בין איך איצט אין פּאַריז — איך שטיי ווידער באַם ברעג פון לעבנס־מער און וואַרט אַף אַ גוט וועטער. — וואָס מיט מיר איז געוועזן ביז־אַהער, וועט די וועלט לייענען אין אַ באַזונדער ווערק: „גאָלדפאַדען אין אַמעריקע". — אויסער די אינטערעסאַנטע סצענעס, וועט עס זייער נוצלעך זיין פאַר דער וועלט, איבערהויפּט פאַר עמיגראַנטן — עס וועט זיי עפענען די אויגן וואוהין זיי פאָרן." אין אַ פּאָר וואָכן אַרום טיילט ער מיט אין אַ צווייטן בריוו, אַז ער איז אַלץ פאַרנומען „מיטן שמוציקן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, וואָס דעמאָראַליזירט זיין גייסט". אָבער דאָך פאַרלירט ער נישט די האָפענונג און ער גיט צו: „איך רעכן אין פּאַריז עפענען אַ אידיש טעאַטער, — און אפשר אַף תמיד בלייבן אַ פּאַריזער". אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלוועלטלעכער אויסשטעלונג, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין פּאַריז, האָט גאָלדפאַדען געהאָפט אַף אַ גרויסן דערפאָלג. אָבער נאָך די ערשטע פאָרשטעלונגען האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין גליקן וועלן נישט זיין. איינער אַן אַקטיאָר, וואָס האָט דאַן געשפּילט אין דער טרופּע, דערציילט: „גאָלדפאַדען פלעגט צאָלן זיינע חובות מיט טעאַטער־בילעטן, און אין דער קאַסע פלעגט גאָרנישט אַריינקומען".

אין פּאַריז האָט גאָלדפאַדען געלעבט זייער שווער. ער האָט זיך שטאַרק גענויטיקט, נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן דירה־געלט. „מיר

קוקן שוין נישט אַפן עסן — שרייבט ער צו י. דינעזאָן קיין וואַרשע — מיר קוקן שוין נישט אַף קליידער״. ער בעט זיך, מען זאָל רעקאָמענדירן זיין הויז אַלס פּענסיאָנאַט פאַר די, וואָס קומען קיין פּאַריז. אין אַ בריוו צו שמר״ן קלאָגט זיך גאָלדפאַדען: „איר ווייסט דאָך די קרענק, וואָס איך האָב מיר אָפּגעשפּאָרט פון טעאַטער: איך לייד פון אַסטמע און שפּיי צו־צייטן מיט בלוט... דאָס באַווייזט, ווי ווייט דאָס טעאַטער, דאָס הייסט, די פּיזישע און גייסטיקע אָנשטרענגונג, איז מיר דערגאַנגען די יאָרן; דען איך בין שטענדיק געזונט געווען און בין פון געזונטע עלטערן. נאָר פאַרפאַלן״...

גאָלדפאַדען לאָזט זיך דאַן קיין לעמבערג. ער קומט אַהין אָקטאָבער 1890. עס ווערן איינגעאָרדנט פאַר אים אָוונטן, וואו ער טרעט אויף מיט זיינע לידער, ער פאַרבינדט זיך מיטן דאָרטיקן גימפּעל־טעאַטער. ער פירט דאָרט אויף זיינע פריערדיקע פּיעסעס, ווי אויך נייע: „משיחס צייטן״, „ר׳ יאָזעלמאַן, אָדער די גזירות פון עלזאַס״, „ראָט־שילד״ א. אַ. אין לעמבערג קומט אַ ווידעראויפלעבונג פון גאָלדפאַדענען. די דערפאַרונג אין ניו־יאָרק, לאָנדאָן, פּאַריז האָט אים שוין געלערנט, אַז ער זאָל שוין נישט וועלן דווקא זיין אַליין דער באַלעבאָס פונעם טעאַטער. ער פּאַסט זיך צו צו די פאַראַנענע טרופּעס און פאַרבלייבט בלויז דער קינסטלערישער פירער פונעם טעאַטער. אַף דעם געביט טוט ער פיל אויף. ער שאַפט עפעקטפולע סצענעס, ער שלאָגט אַרויס פון זיינע אַקטיאָרן נייע טענער.

איינער אַן אַקטיאָר דערציילט אין זיינע זכרונות: „רעזשיסירנדיק האָט גאָלדפאַדען געמאַכט פּרואוון צו ווייזן די אַקטיאָרן און אַקטריסעס ווי צו שפּילן, אָבער די פאַרזוכן זיינען אים זעלטן־ווען געלונגען. ער איז אַליין קיין שוישפּילער נישט געווען. אַ סך מער פלעגט אים גע־לינגען אַ צווייטער ריין־קינסטלערישער טייל פון דער אַרבעט: ער פלעגט פאַר די שוישפּילער דערקלערן יעדן כאַראַקטער פון זיינע פּיעסעס, וואָס ער האָט אויפגעפירט. דאָס האָט די שוישפּילער אַ סך געהאָלפן. זיי האָבן זיך באַ גאָלדפאַדענען געלערנט, וואָס מ׳רופט היינטיקע צייטן, אויפפאַסן די ראָלע, איידער מ׳גייט זי שפּילן. גאָלדפאַדען האָט זיך אויך אַ סך אָפּגעגעבן מיט אויסאַרבעטן סצענישע עפעקטן. די טעכניק איז געווען אַ פּרימיטיווע, אָבער „דעם פאָטער פון דער אידישער בינע״ איז אָפטמאָל געלונגען אַ סך אויפצוטאָן מיט אייגפאַכע מיטלען.

גאָלדפאַדען וואַנדערט דאַן אויך איבער אַנדערע שטעט פון גאַליציע, רומעניע און בוקאָווינע.

אַזוי ציט זיך די נייע טעאַטער־תקופה אינעם לעבן פון גאָלדפאַדענען עטלעכע יאָר, ביזן יאָר 1896, ווען עס ווערט 20 יאָר, ווי ער

האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דעם נייעם אידישן טעאַטער. אין דער זעלביקער צייט ווערט פאַרענדיקט גאָלדפאַדענס אַקטיווע מיט־אַרבעט באַם טעאַטער, און עס הויבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד פון נויט, דחקות, פאַרביטערונג און פאַרצווייפלטקייט. ווי אַלעמאָל, ווען ער גייט אַוועק פון טעאַטער, אַזוי אויך איצט, פּרואווט גאָלדפאַדען זיין מזל באַ ליטעראַטור. ער דרוקט זיינע לידער־זאַמלונגען און פּיעסעס, און ער האָט דערביי אויסצושטיין צרות און עגמת־נפש. עס לינדערט גאָר ווייניק זיין שווערע מאַטעריעלע לאַגע. „גאָלדפאַדען, — שרייבט זיין פריינט, דער באַוואוסטער העברייאיש־אידישער שרייבער ר. א. ברוי־דעס אין אַ פאָרוואָרט צו גאָלדפאַדענס לידער — קיין עשירות וועסטו שוין פון דעם ביכל נישט מאַכן! ווען דאָס טעאַטער, וואָס דו האָסט געשאַפן, האָט דיך נישט געמאַכט פאַר אַן עושר, ווען דו זעסט צו, ווי איבעראַל ווערן דיינע שטיק געשפּילט, איבעראַל דיינע לידער געזונגען, איבעראַל מיט דיין נאָמען רעקלאַמע געמאַכט, און דו האָסט דערפון גאָרנישט, טרייסט דיך, דאָס איז דער מזל פון אַן עכט־אידישן דיכטער, אַן אמתדיקן אידישן מחבר.״

דאָס מזל האָט זיך אָפּגעקערט פון גאָלפאַדענען. ער איז פיזיש און גייסטיק צעבראָכן. נישט געקוקט אַף דעם, וואָס אין פאַרשיידענע לענדער ווערן זיינע פּיעסעס געשפּילט, בלאָנקעט ער אַרום אַן איבע־ריקער, אַ קראַנקער. ער ווערט ווידעראַמאָל פאַרוואָגלט אין פּאַריז, וואו ער לעבט אַ פאַרביטערט לעבן עטלעכע יאָר.

אין 1900 ווערט גאָלדפאַדען אַלט 60 יאָר. אין אָט דער יובל־דאַטע ווערט געווידמעט אין דער פּרעסע אַרטיקלען וועגן דעם יובילייאַר. אָבער אומעטום ווערט בעיקר אונטערגעשטראָכן די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון גאָלדפאַדענען. עס ווערן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן איינגעאָרדנט אין פאַרשיידענע שטעט אָוונטן לטובת דעם שאַפער פונעם אידישן טעאַטער, און דער מאָמענט פון „אל תשליכני לעת זקנה״ (וואַרף מיך נישט אַוועק אַף דער עלטער) ווערט כסדר געבראַכט. גאָלדפאַדען איז די לעצטע יאָרן צעבראָכן. זיינע בריוו צו די פריינט זיינען פול מיט פאַרביטערונג, קרענקונג. ס׳איז שוין נישט יענער שלאַנקער, שטאָלצער, ווירדיקער מאַן, וואָס האָט אין זיינע אינגערע יאָרן געפירט זיך ברייט, מאַגנאַטיש. אָבער ער באַמיט זיך נאָך אַלץ אויפצוהיטן זיין אַמאָליקן שטאָלץ, פּראַכט און גלאַנץ.

ל. קאָברין, דער באַוואוסטער דראַמאַטורג, שילדערט אַזוי גאָלדפאַ־דענען אין די לעצטע יאָרן: „אַ הויכע, אימפּאָזאַנטע געשטאַלט, אַ שניי־ווייסער קאָפּ, אַ פּנים ווי פון פאַרשטויבטן מאַרמאָר. און אַ שוואַרצע פּעלערינע טראָגט ער, וואָס איז צוגעשפּיליעט און ווייזט אַרויס אַ ניי ווייס געפּרעסט העמד, מיט אַ ווייסן קראַוואַט, און אַף אַ שטול, לעבן

אים, ליגט אַ גלאַנציקער צילינדער־הוט און אַ שטאָק מיט אַ באַ־גילדעטן קאָפּ.״

אָבער נאָר אויסערלעך האָט ער אַזוי אויסגעזען. דער אויסנווייניקסטער גלאַנץ האָט פאַרדעקט די אָרעמקייט, נויט, דחקות, וואָס ער האָט יאָרנלאַנג געליטן. אמת, ער גיט זיך אַלץ נישט אונטער, אַלעמאָל גיט ער זיך פונסניי אַ ריס און וויל פּרואוון זיינע אַמאָליקע כוחות, אָבער ער פאַלט ווידער אום.

זינט 1904 וואוינט גאָלדפאַדען אין ניו־יאָרק, ער פילט שוין, אַז ער האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן. „איך האָב קיין טענות נישט — שרייבט ער צו י. דינעזאָן — וואָס דאָס אַמעריקאַנישע אידישע טעאַטער האָט זיין טאָטן נישט דערקאָנט און וויל נישט וויסן פון מיר. באַ אַ פאָלק, וואָס עלטערן און קינדער זיינען געצוואונגען צו וואַנדערן אין פאַר־שיידענע צייטן און אָפט אַף פאַרשיידענע וועגן, איז קיין זעלטנקייט נישט, אַז קינדער זאָלן זייערע עלטערן נישט דערקענען״...

ראַשיק און פייערלעך האָבן שעמערירט די פיל־קאָלירנדיקע לעמפּ־לעך באַ די רייכע טעאַטער־געביידעס, אַף די טעאַטער־בינעס, וואו מען האָט געשפּילט די גאָלדפאַדענישע טעאַטראַלישע פאָרשטעלונגען, און זייער שאַפער איז געווען אַ פאַרצווייפלטער, אַן אויסגעשעפּטער, אַן דער זייט און ווייט פון דער בינע, וואָס איז געווען דער חיות פון זיין לעבן. ער האָט זיך געריסן פון טעאַטער און זיך נישט געקאָנט פון אים אָפּרייסן. ער האָט נישט אויפגעהערט צו דערציילן און צו שילדערן עפּיזאָדן און סצענעס פון זיין קורצן אָבער רייכן טעאַטער־לעבן, — עפּיזאָדן, וואָס מ׳קאָן נישט לייענען אָן ציטער.

אַזוי האָבן זיך געצויגן גאָלדפאַדענס לעצטע שווערע און טראַגישע יאָרן, ביז ער האָט דעם 9טן יאַנואַר 1908 אויסגעהויכט זיין אָטעם. ער איז געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו אַף דעם ניו־יאָרקער אידישן בית־עלמין.

צענדליקער טויזנטער פאַרערער און פריינט האָבן אים באַגלייט אַף זיין לעצטן וואַנדער־וועג.

אַף זיין מצבה איז אויסגעקריצט:

**א ב ר ה ם  ג אָ ל ד פ אַ ד ע ן — ד ע ר  פ אָ ט ע ר  פ ו ן  ד ע ר  א י ד י ש ע ר  ב י נ ע !**